שלום-עליכם

# מאָטל פּייסי דעם חזנס

געקירצט און באַאַרבעט פאר דער שול



מעקסיקע, ד. פ.

1959

ארויסגעגעבן דורך דער יידישער שול אין מעקסיקע

באַרבעטונג פון טעקסט און דערקלערונגען –
פון
**ש. פערדמאַן**

צייכענונגען
פון
**הערשל אינגער.**

דאָס בוך איז געדרוקט געוואָרן צום
הונדערטסטן געבורטסטאָג פון
שלום־עליכם.

אַ מתנה
פון פאַרוואַלטונגס־מיטגליד
לואיס און אַדעלאַ
ראָזענבערג

געווידמעט זייער ערשטן אוראייניקל
פייוול יצחק סיעגאַל



שלום-עליכם
(שלום ראבינאָוויטש)

געבוירן אין פּערעיאַסלאַוו דעם 2 מערץ 1859,
געשטאָרבן אין ניו-יאָרק דעם 13 מאַי 1916.

# היינט איז יום־טוב — מע טאָר נישט וויינען!

## א.

איך גיי מיט אייך אין געוועט, אויף וויפל איר ווילט, אַז קיינער אין דער וועלט איז נישט געווען אַזוי צופרידן מיטן ווארעמען ליכטיקן נאָך־פּסח, ווי איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, מאָטל, און דעם שכנס קעלבל, וואָס מע רופט עס „מעני" (דאָס האָב איך, מאָטל, דעם אַ נאָמען געגעבן „מעני").

ביידע גלייך האָבן מיר דערפילט די ערשטע שטראַלן פון דער ווארע־מער זון אינעם ערשטן ווארעמען נאָך־פּסחדיקן טאָג; ביידע גלייך האָבן מיר דערשמעקט דעם ריח פונעם ערשטן גרינעם גרעזעלע, וואָס קריכט, שפּראָצט אַרויס פון דער נאָר־וואָס אָפּגעדעקטער ערד; און ביידע גלייך זיינען מיר אַרויסגעקראָכן פונעם פינצטערן ענגשאַפט צו מקבל־פּנים[1] זיין דעם ערשטן זיסן, ליכטיקן, ווארעמען פרילינגס־מאָרגן.

איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, מאָטל, בין אַרויס פון אַ טוואָן[2], פון אַ קאַלטן נאַסלעכן קעלער, וואָס שמעקט מיט זויער־טייג און מיט רפואות פון דער אַפּטייק; און מעני, דעם שכנס קעלבל, האָט מען אַרויסגעלאָזט נאָך פון אַן ערגערן עיפּושי: פון אַ קליין, פינצטער, בלאָטיק, פאַרפּאַסקודיקט שמעלעכל מיט אויסגעקרימטע צעפליקטע ווענט, וואָס ווינטער בלאָזט אַריין אַהין דער שניי און זומער שמייסט אַריין דער רעגן.

אַרויסגעכאַפּט זיך אויף גאָטס פרייער ליכטיקער וועלט, האָבן מיר ביידע, איך און מעני, זיך גענומען אויסדריקן אונדזער צופרידנקייט. איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, האָב אויפגעהויבן ביידע הענט אַרויף, אויפגע־עפנט דאָס מויל און אַריינגעצויגן אין זיך די פרישע ווארעמע לופט אַזוי

---

1 מקבל פּנים (מעקאַבל פּאָנים) זיין — באַגעגעניען; גוט, באַגריסן.
2 אַ טוואָן — אַ נעץ, אַ פייכט אָרט.
4 עיפּוש (איפּעש) — דאָ: אַן אָרט מיט אַ שלעכטן ריח.



איך און מײַני האָבן זיך גענומען אויסדריקן אונדזער צופֿרידנקייט

פיל, וויפל איך האָב געקאָנט, — און עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך וואַקס אין דער הייך, און עס ציט מיך אַרויף־אַרויף, אין דער טיפער־טיפער בלויער יאַרמלקע אַריין, דאָרט ווו די שיטערע רויכיקע וואָלקנס שוועבן, דאָרט ווו די ווייסע פויגלען טוקן זיך, באַווייזן זיך און ווערן פאַרשוואונדן מיט אַ קוויטש און מיט אַ צוויטשער, און עס רייסט זיך אַרויס פון מיין אָנגעפילטער ברוסט, אָן מיין וויסן, אַ מין געזאַנג, נאָך שענער ווי יום־טוב מיטן טאַטן ביים עמודי, אַ געזאַנג אָן ווערטער.

אָט אַזוי האָט אַרויסגעוויזן זיין צופרידנקייט מיטן ערשטן פרילינגס־טאָג פּייסי דעם חזנס יינגל. גאַנץ אַנדערש האָט דאָס אויסגעדריקט מעני, דעם שכנס קעלבל.

מעני, דעם שכנס קעלבל, האָט קודמי אַריינגעשטעקט די שוואַרצע נאַסע מאָרדע אין מיסט אַריין, אַ שאַר געטאָן מיטן פאָדערשטן פיסל די ערד אונטער זיך אַ מאָל דריי, פאַרריסן דעם עק, אויפגעשפּרונגען נאָכדעם אויף אַלע פיר און אַרויסגעלאָזט אַ דומפּיקן „מע!" דאָס האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי קאָמיש, אַז איך האָב זיך געמוזט צעלאַכן און נאָכמאַכן פּונקט דעם אייגענעם „מע" מיטן זעלביקן נוסחי, וואָס מעני. מעגלעך איז דאָס, ווייזט אויס, געפעלן, ווארעם עס האָט האָט לאַנג נישט געגנומען, האָט דאָס קעלבל איבערגעחזרט דאָס אייגענע נאָך אַ מאָל, מיטן זעלביקן נוסח און מיטן זעלבן שפּרונג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איך האָב דאָס באַלד נאָכגעטאָן מיט אַלע פּיטשעווקעסי, מיטן קול און מיטן שפּרונג. אַזוי עטלעכע מאָל: איך אַ שפּרונג, דאָס קעלבל אַ שפּרונג; דאָס קעלבל אַ „מע" איך אַ „מע". ווער ווייסט, ביזוואַנען דאָס שפּיל וואָלט זיך אַזוי געצויגן, ווען נישט אַ שנייד פון מיין עלטערן ברודער איליע מיט אַלע זיינע פינף פינגער:

— איינגעזונקען זאָלסטו ווערן! אַ בחורל פון כמעט ניין יאָר שטעלט זיך אַוועק טאַנצן מיט אַ קעלבל!... אין שטוב אַריין גיי, דו הולטיי איינער!... דער טאַטע וועט דיר שוין געבן!...

---

2 עמוד (אָמעד) — דאָס אָרט, וואו עס דאַוונט דער חזן.
3 קודם (קוידעם) — צוערשט.
4 נוסח (נוסעך) — שטייגער, מאָדע, אופן.
5 מיט אַלע פּיטשעווקעס — מיט אַלע פּרטים (פּראָטים), אַקוראַט.

## ב.

בלאטע! דער טאטע וועט מיר נישט „געבן" גארנישט. דער טאטע איז קראנק. ער דאוונט שוין נישט פארן עמוד פון שמחה־תורה אן. גאנצע נעכט הוסט ער. עס גייט צו אונדז דער שווארצער דאקטאר, א גראבער, מיט שווארצע וואנצעס און מיט לאבנדיקע אויגן — א פריילעכער דאקטאר. מיך רופט ער „פופיק" און שנעלט מיך מיט די פינגער אין בייכל אריין. ער זאגט אן אלעמאל דער מאמען, מע זאל מיך נישט שטאפן מיט קיין קארטאפליעס, און דעם קראנקן זאל מען געבן נאר בוליאן און מילך, מילך און בוליאן. די מאמע הערט אים אויס, און אז ער גייט אוועק, באהאלט זי דאס פנים אין פארטעך און די אקסלען טרייסלען זיך ביי איר... נאכדעם ווישט זי אויס די אויגן, רופט אפ מיין ברודער עליע אויף א זייט, און מע סודעט[2] זיך שטילערהייט. וואס זיי רעדן — ווייס איך נישט. נאר מיר דאכט, זיי קריגן זיך. די מאמע שיקט אים ערגעץ, ער וויל נישט גיין. ער זאגט צו איר:

— איידער אנקומען צו זיי, וועל איך דיר בעסער גיין אין דער ערד אריין!... איך וועל בעסער שטארבן הײנטיקן טאג!...

— ביים דיר אפ די צונג, וואס רעדסטו!?

אזוי ענטפערט אים די מאמע שטיל, ציפעט צונויף די ציין, מאכט צו אים מיט די הענט. זי ווערט אבער באלד ווייך און מאכט צו אים:

— וואס זאל איך טאן, מיין זון, א רחמנות אויפן טאטן... מע מוז דאך אים ראטעווען!...

— פארקויפט מען עפעס, — זאגט מיין ברודער עליע און באפט א קוק אויף דער גלעזערנער שאפע. און די מאמע קוקט אויך אויף דער זילבער שאפע, ווישט די אויגן און זאגט שטיל:

— וואס זאל איך פארקויפן? די נשמה? שוין נישטא וואס צו פאר־קויפן. סיידן די ליידיקע שאפע?

— פארוואס נישט? — זאגט איר מיין ברודער עליע.

— רוצח![3] — ענטפערט אים די מאמע מיט רויטע אויגן. — פונוואנען האבן זיך צו מיר גענומען אזעלכע רוצחים קינדער?!

---

2 סודעט (סוידעט) זיך — זאגט א סעקרעט.

3 רוצח (ראצייעך) — מערדער. דא: א בייזער.

די מאמע פייערט און קאכט, ווײנט זיך אויס, ווישט אויס די אויגן און בעט זיך באלד איבער. אזוי איז געווען אויך מיט די ספרים, מיט די צוויי געגילדטע בעכערלעך, מיט איר זײדן מלבושי[2] און מיט אלע איבעריקע זאכן, וואס זיינען פארקויפט געווארן ביי אונדז איינציקווייז, און אלעמאל אן אנדער קונה[3].

## ג.

פון די אלע זאכן, וואס מיר האבן אויספארקויפט פון שטוב, האט מיר קיינע פון זיי נישט צוגעשטעלט אזויפיל פארגעניגן, ווי די גלעזערנע שאפע.

ערשטנס, וואס הייסט מע וועט זי צונעמען? מיר האט זיך תמיד גע־דאכט, אז אונדזער גלעזערנע שאפע איז צונויפגעוואקסן מיט דער וואנט. — וויאזוי וועט מען זי נעמען? צווייטנס, ווו וועט די מאמע פארשליסן דאס ברויט, מיט דער חלה, מיט די טעלער, מיט די בלייענע לעפל און גאפלען (צוויי זילבערנע לעפל און איין גאפל א זילבערנעם האבן מיר געהאט, האט זיי די מאמע שוין לאנג פארקויפט), און ווו וועלן מיר האלטן פסח די מצה? — די געדאנקען זיינען מיר געקומען אויפן קאפ בשעת נחמן דער סטאליער איז געשטאנען און געמאסטן די שאפע מיט זיין גרויסן רויטן נאגל פונעם גראבן פינגער פון דער אויסגעשמירטער האנט. ער האט אלין געדרונגען, אז די שאפע וועט נישט ארויס פון דער טיר. א סימן: אט האט איר אייך די בריט פון דער שאפע און אט האט איר די טיר — אסורי[4] איבב זי וועט ארויס!

— וויאזוי זשע איז זי אריין? — פרעגט אים מיין ברודער עליע.

— גיי פרעג זי! — ענטפערט אים נחמן מיט כעס. —איך ווייס, ווי־אזוי זי איז אריין? מע האט זי אריינגעטראגן, איז זי אריין!...

איין מינוט איז געווען אזעלכע, וואס איך האב מורא געהאט פאר דער שאפע. דאס הייסט, איך האב געמיינט, זי בלייבט ביי אונדז. עס האט אבער לאנג נישט גענומען, און נחמן דער סטאליער איז געקומען מיט זיינע צוויי

2 מלבוש (מאלבעש) — קלייד.
3 קונה (קוינע) — קויפער, קליענט.
4 אסור (אָסער) — דא געמיינט: ס'איז אויסגעשלאסן, אוממעגלעך.

בנים[1], אויף סטאליערס, און מע האט געגעבן א נעם אונדזער גלעזערנ׳ שאפע, טאקע נאר ווי דער רוח דעם מלמד[2]; פריער איז געגאנגען נחמן, נאכדעם ביידע בנים, הינטן — איך. דער פאטער האט געקאמאנדעוועט: „קאפל, אן א זייט! מענדל, רעכטס! קאפל, לויף נישט! מענדל האלט!״ איך האב זיי געהאלפן נאכטאנצן.

די מאמע און מיין ברודער עליע האבן נישט געוואלט העלפן. זיי זיינען געשטאנען, געקוקט אויף דער ליידיקער וואנט, וואס איז געווען באדעקט מיט שפינוועבס, און האבן געוויינט... אן אקציע[3] מיט די צוויי — נאר זיי וויינען!...

פלוצעם — טרראך! סאמע ביי דער טיר האט געפלאצט דאס גלאז, און דער סטאליער מיט די בנים האבן גענומען זידלען זיך, ארויפלייגן איינס אויף דאס אנדערע די באד: „א ריר פון א בלייענעם פויגל!״ „בערישע פיס!״ „דער רוח כאפט אים אוועק!״ „ברעך דעם קאפ, צו אלדי שווארצע יאר!״...

— וואס איז דארטן? — הערט זיך א הייזעריק קול פונעם קראנקנס אלקער.

— גארנישט! — ענטפערט די מאמע און ווישט די אויגן.

די בעסטע שמחה פון אלע שמחות איז געווען ביי מיר, אז ס׳איז געקומען צו מיין ברודער עליעס קאנאפקע און צו מיין בעטל.

אפגעהאנדלט די קאנאפע מיטן בעטל האט חנה די יידענע.

איידער חנה האט דאס מעבל אפגעקויפט, האט זי די מאמע נישט צוגעלאזט ארייננקוקן אינעווייניק אין תוך[4] אריין: „אט דאס, וואס איר זעט, דאס קאנט איר האנדלען; קוקן איז נישטא וואס!״

אויסגעבעט אויף דער ערד, האבן מיר זיך אויסגעצויגן ביידע, איך און מיין ברודער עליע, ווי די גראפן, צוגעדעקט זיך ביידע מיט איין קאלדרע (זייגע האט מען פארקויפט), און ס׳איז מיר געווען זייער איינגענעם צו הערן פון מיין עלטערן ברודער, אז אויף דער ערד צו שלאפן איז גאר נישט אזוי שלעכט.

איך ווארט אפ, ביז ער ווערט אנטשלאפן, דעמלט נעם איך זיך קאטשען איבער דער גאנצער ערד. פלאץ איז היינט דא גענוג. א פעלד, א פארגעניגן, א גן־עדן!...

---

1 בנים (באָנים) — זין, גרויסע יונגען.
2 נעמען, ווי דער רוח דעם מלמד — א גלייכווערטל. באטייט: נעבן א טראג אוועק גיך און מיטאמאל.
3 אן אקציע — דא געמיינט: א מאדנע געשיכטע.
4 תוך (טאָך) — אינהאלט, דאס וויכטיקסטע.

## ד.

— וואס טוט מען ווייטער?

אזוי זאגט די מאמע צו מיין ברודער עליע איינמאל אין א פרימארגן און באטראכט מיט א געקנייטשטן שטערן די ליידיקע פיר ווענט. איך און מיין ברודער עליע העלפן איר באקוקן די פיר ווענט. מיין ברודער עליע קוקט אויף מיר פארזארגט און מיט רחמנות.

— גיי אינדרויסן! — מאכט ער צו מיר שטרענג. — מיר דארפן דא עפעס רעדן...

אויף איין פוס שפרינג איך ארויס אינדרויסן ארויס — און, פארשטייט זיך, גלייך צום שכנס קעלבל.

די לעצטע צייט האט זיך „מעני" געגעבן א הייב אויף די פיסלעך: קיין עין־הרעי אויסגעוואקסן; געווארן שיין, דאס שווארצע מארדעלע חנעוו־דיק; די קיילעכדיקע אויגן קלוג, מיט פארשטאנד, ווי א מענטש; קוקט ארויס, מע זאל דעם עפעס געבן אין מויל אריין; האט ליב, אז מע קראצט דאס מיט צוויי פינגער אונטערן העלדזל.

— שוין? דו האסט זיך שוין ווידער צונויפגעקאמפאניעט מיטן קעלבל? קאנסט זיך גארנישט צעשיידן מיט דיין טייערן חבר.

אזוי זאגט צו מיר מיין ברודער עליע שוין אן קללות און נעמט מיך פאר א האנט און זאגט, אז ער גייט מיט מיר צו הערש־בער דעם חזן. ביי הערש־בער דעם חזן, זאגט ער, וועט מיר זיין גוט, ערשטנס, זאגט ער, וועל איך האבן וואס צו עסן. אינדערהיים איז נישט גוט, זאגט ער; דער טא־טע, זאגט ער, איז קראנק, מע דארף אים, זאגט ער, ראטעווען. מיר ראטע־ווען אים, זאגט ער, ווי ווייט מיר קאנען. און מיין ברודער עליע צעשפיליעט די קאפאטע און ווייזט מיר אויף זיין זשילעט:

— אט האב איך געהאט א זייגער, א מתנה פון מיין מחותן, האב איך אים פארקויפט. דער מחותן זאל וויסן, וואלט זיך געטאן חושך, די וועלט וואלט זיך איבערגעקערט!...

איך דאנק און לויב גאט, וואס זיין מחותן ווייסט נישט פונעם זייגער

---

1 קיין עין־הרע (איין הארע) — קיין בייז אויג זאל נישט שאטן.
2 חנעוודיק (כיינעוודיק) — שיין.
3 מחותן (מעכוטן) — דא: דער כלהס פאטער.
4 זיך טאן חושך (כושעך) — דא: ווערן א סקאנדאל.

און וואָס די וועלט קערט זיך נאָך נישט איבער. וויי! וויי! ווען חלילה[1], די שעה זאָל גאָר נישט זיין, עס קערט זיך איבער די וועלט, וואָס וואָלט דעמלט זיין מיט מעניו, מיטן שכנס קעלבל? אַ שטומע צונג!...

— אַט זיינען מיר געקומען! — מאַכט צו מיר מיין ברודער עליע, וואָס הערט צו מיר אַלע מינוט מער צוגעלאָזט און פריינדלעך.

הערש-בער דער חזן איז אַ ייד אַ מנגן[2]. דאָס הייסט, ער אַליין קען נישט זינגען: ער האָט געבעך קיין קול נישט. אַזוי האָב איך געהערט פון מאַמען. נאָר ער פאַרשטייט נגינה[3]. און זינגערלעך האָט ער אַ שטיקלעך פּופּצן, און איז אַ בייזער מענטש — סכנות[4]! ער פאַרהערט מיך זינגען. איך זאָג אים אַ „מגן-אבות"[5] מיט אַ דריידל, ער גלעט מיך און זאָגט מיין ברודער, אַז איך האָב אַ „סאָפּראַנאָ". מיין ברודער זאָגט, אַז נישט נאָר אַ סאָפּראַנאָ, נאָר אַ סאָפּראַנאָ שעבעסאָפּראַנאָ!... מיין ברודער עליע דינגט זיך מיט אים, נעמט אָן אויפגאָב און זאָגט מיר, אַז איך בלייב שוין דאָ, ביי רב הערש-בער דעם חזן. איך זאָל אים פאָלגן, זאָגט ער, און איך זאָל נישט בענקען!...

אים איז גרינג צו זאָגן, איך זאָל נישט בענקען! וויאַזוי זאָל איך נישט בענקען זומער-לעבן? די זון באַקט, דער הימל איז ווי אַ קרישטאָל, די בלאַטע איז שוין לאַנג אויסגעטריקנט. אינדרויסן ביי אונדז נעבן שטוב ליגן קלעצער. נישט אונדזערע, דאָס איז יאָסיע דעם נגידס קלעצער. ער קלייבט זיך בויען אַ שטוב, האָט ער צוגעגרייט קלעצער, האָט ער נישט וווּ זיי אָנצולייגן, האָט ער זיי אָפּגעוואָרפן נעבן אונדז. לאַנג לעבן זאָל ער, יאָסיע דער נגיד! וואָרעם פון די קלעצער קאָן מען מאַכן אַ „קרעפּאַסט"[6], און צווישן די קלעצער וואַקסן שטעכלקעס מיט קריגעלעך. די שטעכלקעס זיינען גוט אויך צו שטעכן, און די קריגעלעך בלאָזט מען אָן און מע טוט זיי אַ קנאַק אָן שטערן — פּלאַצן זיי.

מיר איז גוט. מעניו, אונדזער שכנס קעלבל, איז אויך גוט. איך און מעני זיינען די איינציקע באַלעבאַטים אַט דאָ, „אינעווייניק אינדרויסן", און וויאַזוי זאָל איך נישט בענקען נאָך מעניו, אונדזער שכנס קעלבל?...

---

1 חלילה (כאָלילע) — גאָט זאָל היטן.
2 מנגן (מענאַגן) — אַ זינגער.
3 נגינה (נעגינע) — זינגען, מוזיק.
4 סכנות (סאַקאָנעס) — דאָ: נעפּערלעך.
5 מגן אָבות (מאָגען אָוועס) — אַ תפילה.
6 קרעפּאַסט — אַ פעסטונג (פון רוסיש).

## ה.

עס איז שוין באלד דריי וואכן, ווי איך בין ביי הערש־בער דעם חזן, און זינגען זינג איך כמעט גארנישט. איך האב אן אנדער ארבעט, איך טראג זיך ארום מיט זיין דאבציען. דאבציע איז א קינד א הויקער. קיין צוויי יאר אלט, און פונדעסטוועגן איז זי, קיין עין־הרע, א שווערינקע, שווערער פון מיר. איך רייס מיר איין דאס געזונט, זי טראגנדיק. דאבציע האט מיך ליב. זי כאפט מיך ארום מיט אירע דארע הענטלעך און טשעפעט זיך אן מיט די דינע פינגערלעך. זי רופט מיך „קיקא". וואס עפעס קיקא, ווייס איך נישט. דאבציע האט מיך ליב. לאזט מיך נישט שלאפן גאנצע נעכט. „קיקא, קי!" — דאס הייסט איך זאל זי וויגן. דאבציע האט מיך ליב. אז איך עס, רייסט זי ביי מיר פון מויל: „קיקא, פי!" — דאס הייסט: גיב דאס מיר!... עס ציט מיך אהיים. דאס עסן איז דא איך נישט אזוי אי־אי־אי...

יום־טוב, שבועות[1] אויפדערנאכט. עס ווילט זיך גיין אינדרויסן זען, ווי דער הימל שפאלט זיך. דאבציע לאזט נישט. דאבציע האט מיך ליב: „קיקא, קי!" איך זאל זי וויגן. איך וויג זי און וויג און ווער אנטשלאפן. און עס קומט צו מיר א גאסט — מעני דעם שכנס קעלבל, קוקט אויף מיר מיט אויגן, ווי א בר־דעת[2], און זאגט מיר: קום! און מיר לאזן זיך גיין באַרג־אראפ, צום טייך. נישט לאנג געטראכט, פארקאטשע איך די הייזלעך: האפ! איך בין שוין אין טייך. איך שווים, און מעני שווימט מיר נאך. אויף יענער זייט איז גוט. נישטא קיין חזן, נישטא קיין דאבציע, נישטא קיין קראנקער טאטע... איך כאפ זיך אויף — ס'איז גאר א חלום.

אנטלויפן! אנטלויפן! וויאזוי אנטלויפט מען? וווהין? אהיים, געוויינטלעך. הערש־בער דער חזן איז שוין אבער אויפגעשטאנען פריער פון מיר. ער האט א גרויסן קאמערטאן[3], פרוווט ער אים מיט די ציין, טראגט צו צום אויער. ער הייסט מיר זיך אנטאן אויף גיך און גיין מיט אים אין שול. מע וועט היינט צו מוסף[4] זאגן „אן אויסגעשטעלטע זאך".

---

1 שבועות (שאָוואועס). עס איז געווען אמאָל אזא גלייבונג, אז שבועות ביי־נאכט שפאלט זיך דער־הימל, און אז עמעצער זעט עס און ער זאגט ארויס אין דער צייט עפעס א וואונטש — ווערט עס פארווירקלעכט.

2 בר־דעת (באַר דאַס) — א פארשטענדיק באשעפעניש.

3 קאמערטאָן — אן אינסטרומענט צו געבן א טאָן ביים זינגען.

4 מוסף (מוסעף) — טייל פון דאוונען.

אין שול זע איך מיין ברודער עליע. ווי קומט ער אהער? ער דאַוונט דאָך גאָר ביי די קצבים, דאָרט, וו דער טאַטע איז חזן! וואָס באַדייט עס?... מיין ברודער עליע רעדט עפּעס מיט העַרש־בער דעם חזן. הערש־בער דער חזן איז נישט צופרידן. ער זאָגט:

— געדענק זשע, למען השם[1] תיכף נאָכן עסן!...

— קום! וועסט זיך זען מיטן טאַטן! — אַזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער עליע, און מיר גייען אַהיים אינצווייען. ער גייט און איך שפּרינג. איך לויף, איך פלי.

— האָב צייט! וואָס פליסטו אַזוי? — זאָגט צו מיר מיין ברודער עליע און האַלט מיך צו. אים ווילט זיך, אפנים[2], מיט מיר אַ ביסל רעדן.

— דו ווייסט? דער טאַטע איז קראַנק, זייער־זייער קראַנק!... גאָט ווייסט, וואָס ס'וועט זיין מיט אים... מע דאַרף אים ראַטעווען, נישטאָ מיט וואָס... קיינער וויל נישט העלפן... און „הקדש"[3] וויל די מאַמע אים נישט לאָזן בשום־אופן! זי וועט פריער שטאַרבן, זאָגט זי, איידער לאָזן אים אין הקדש!... שאַ, אָט גייט די מאַמע.

ג.

מיט אויסגעשטרעקטע הענט גייט אונדז די מאַמע אַנטקעגן, פאַלט מיר אויפן האַלדז, און איך פיל אויף מיינע באַקן אַ פרעמדע טרער. מיין ברודער עליע גייט צום קראַנקן טאַטן, און איך מיט דער מאַמען בלייבן שטיין אינדרויסן. מע האָט זיך אַרום אונדז אַרומגעשטעלט פון אַלע זייטן: אונדזער שכנס ווייב פעסיע די גראָבע, און איר טאָכטער מינדל, און איר שנור פערל, און נאָך צוויי ווייבלעך.

— איר האָט אַ גאַסט אויף שבועות? גאָט ליב אייך מיט אייער גאַסט! די מאַמע לאָזט אַראָפּ די געשוואָלענע אויגן.

— אַ גאַסט מישטיינסגעזאָגט, אַ קינד. געקומען געוואָר ווערן דעם קראַנקן טאַטן. פאַרט אַ קינד...

---

1 למען השם (לעמאַן האַשעם) — דאָ: אומבאַדינגט, נעוויס.
2 אפנים (אַפּאָנעם) — דאָ: זעט אויס.
3 הקדש (העקדעש) — אַן אָרט, וואו מען פלעגט אַמאָל האַלטן אָרעמע קראַנקע.

אזוי זאָגט די מאַמע צו דער גאַנצער כנופיא[1] ווייבער, און צום שכנס ווייב, צו פּעסיען, זאָגט זי עקסטרא, שטילערהייט, בשעת פּעסיע שאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַ שטאָט! עמעצער זאָל זיך אַפילו אַרומקוקן... דריי און צוואַנציק יאָר אָפּגעקלאַפּט ביים עמוד... דאָס געזונט אַוועקגעלייגט... איך וואָלט אים אפשר ראַטעווען — נישטאָ מיט וואָס... אַלץ פאַרקויפט... דאָס לעצטע קישעלע... דאָס קינד באַשטעלט ביי אַ חזן... אַלץ צוליב אים. אַלץ צוליבן קראַנקן...

און אַזוי באַקלאָגט זיך די מאַמע פאַר איר שכנה פּעסיע, שטייענדיק אינדרויסן. איך דריי דעם קאָפּ אויף אַלע זייטן.

— וועמען זוכסטו? — מאַכט צו מיר די מאַמע.

— וועמען זוכט אַ קינדעס? דאָס קעלבל מן־הסתם ...

אַזוי זאָגט פּעסיע, אונזער שכנה, און מאַכט צו מיר מיט אַ מאָדנע פריינדשאַפט:

— ע, יינגעלע! נישטאָ קיין קעלבל! געמוזט פאַרקויפן דאָס דעם קצב. אַ בריה האָט מען? געוויינג, אַז מע דאַרף האָדעווען איין סקאָטינע[3] — נאָך צוויי סקאָטינעס טראָגן אויפן קאָפּ!...

איז שוין ביי איר דאָס קעלבל, דאַנקען גאָט, אויך געוואָרן אַ סקאָטינע?...

אַ מאָדנע יידענע אָט די פּעסיע. אומעטום שטופּט זי אַריין איר נאָז. זי דאַרף וויסן, צי האָבן מיר אַ מילכיקע סעודה[4]!

— אַקעגן וואָס פרעגט איר דאָס? — פרעגט ביי איר די מאַמע.

— גלאַט אַזוי! — זאָגט פּעסיע, הייבט אויף די שאַל און שטופּט דער מאַמען אַ טעפּל מיט סמעטענע. די מאַמע שטופּט אָפּ דאָס טעפּל מיטביידע הענט.

— גאָט איז מיט אייך, פּעסיע! וואָס טוט איר דאָס? וואָס זייגען מיר חלילה עפּעס ווייס איך ווער? איר קענט מיך נישט?

— אדרבא , פאַרענטפערט זיך פּעסיע, — טאַקע ווייל איך קען אייך. דאָס בהמהלע, קיין עין־הרע נישט, האָט זיך די לעצטע צייט פאַרריכט.

---

1 כנופיא (קענופיע) — קאָמפּאַניע, גרופּע.
3 סקאָטינע — אַ בהמה (פון רוסיש).
4 סעודה (סודע) — אַ יום־טובדיק מאָלצייט.

פאַראַן, קיין עין־הרע, קען און פוטער. איך לייג אייך אויס... איר וועט מיר, אם־ירצה־השם¹, אָפּגעבן...

און פּעסיע די שכנה רעדט נאָך לאַנג מיט דער מאַמען, און מיר ציט דאָס האַרץ צו די קלעצער, צום קעלבל, צום קעלבל!... איך זאָל זיך נישט שעמען, וואָלט איך זיך צעוויינט...

— אַז דער טאַטע וועט דיך פרעגן, זאָלסטו זאָגן: אַ דאַנק גאָט!

אַזוי זאָגט מיר אָן די מאַמע, און מיין ברודער עליע גיט דאָס מיר צו פאַרשטיין אַ ביסל ברייטער:

— זאָלסט זיך נישט באַקלאָגן, נישט דערציילן קיין פּזמונות², נעבעכדיקע טעג. זאָלסט נאָר זאָגן: אַ דאַנק גאָט. דו הערסט, וואָס מע רעדט צו דיר?

און מיין ברודער עליע פירט מיך אַריין אין קראַנקנס חדר³. דער טיש איז אָנגעשטעלט מיט פלעשלעך, פּודעלעך. סע שמעקט אַפּטייק. דאָס פענצטער איז צוגעמאַכט. לכבוד שבועות האָט מען אים צוגעקליבן דעם חדר מיט גרינס, אויף דער ערד איז אויסגעשפּרייט שמעקנדיק גראָז. דער טאַטע דערזעט מיך, רופט מיך צו זיך מיט אַ לאַנגן, דאַרן פינגער. מיין ברודער עליע שטופּט מיך אונטער. איך גיי צו צום טאַטן. איך האָב אים קיים דערקענט. דאָס פּנים ווי לייס. די גרויע האָר גלאַנצן, שטאַרצן איינציקווייז, ווי אָריינגעשטריכטע, פרעמדע האָר. די שוואַרצע אויגן זיצן טיף, ווי אַריינגעפּאַסטע, פרעמדע אויגן. די ציין ווען אויס, ווי אַריינגעזעצטע, פרעמדע ציין. דער האַלדז איז אַזוי דין, אַז קיים וואָס דער קאָפּ האַלט זיך אויף אים. אַ גליק, וואָס ער קאָן נישט זיצן... מיט די ליפּן מאַכט ער עפּעס מאָדנע, ווי אַ מענטש, בשעת ער שווימט: מפּפּו!... ער לייגט אַרויף אויף מיין פּנים אַ הייסע האַנט מיט ביינערדיקע פינגער, דאָס פּנים מאַכט צ' קרומען שמייכל, ווי אַ מת⁵.

אין דעם קומט אָן די מאַמע. נאָך איר דער דאָקטאָר, דער פריילעכער, שוואַרצער דאָקטאָר מיט די גרויסע וואָנצעס. ער באַגעגנט מיך, ווי אַן אַלטן גוטן ברודער. ער איז מיך מכבד⁶ מיט אַ שנעל אין בייכל און מאַכט צום טאַטן פריילעך:

---

1 אם ירצה השם (מירצעשעם) — אַז גאָט וועט וועלן.
2 פזמונות (פיזמוינעס) — דאָ: אויסגעטראַכטע זאַכן.
3 חדר (כיידער) — דאָ: צימער.
5 מת (מעס) — געשטאָרבענער.
6 מכבד (מעכאַבעד) זיין — דאָ: געבן.

— איר האָט אַ גאַסט אויף שבועות? גאָט ליב אייך מיט אייער גאַסט!

אַלעמענס אויגן קוקן אויפֿן „גאַסט”, און דער „גאַסט” קוקט אַראָפּ אויף דער ערד, און דער קאָפּ איז אים אײַנדרויסן, ערגעץ ביי די קלעצער, ביי די שטעכעלקעס, וואָס שטעכן, ביי די קריגעלעך, וואָס קנאַקן, ביים שכנס קעלבל, ביים טייכל, וואָס רוישט דאָרט באַרג־אַראָפּ, אָדער גאָר אין דער הויכער, ברייטער, טיפֿער, בלויער יאַרמלקע, וואָס מען רופֿט דאָס הימל...

ז.

דאָס ביסל מילכיקס, וואָס אונדזער שכנה, פּעסיע די גראָבע, האָט אונדז „אויסגעליען”, איז אונרז, נישקאָשע, צונוץ געקומען. איך און מיין ברודער עליע האָבן דאָס געמאַכט אַ מילכיקע סעודה, געטונקען ביידע פֿון איין שאַל פֿרישע הלה אין דער קאַלטער סמעטענע, און ס'איז טאַקע געווען גאָר נישט שלעכט.

„איין חיסרון[1], וואָס אַזוי ווינציק”. — האָט באַמערקט מיין ברודער עליע, וואָס איז אין דעם טאָג געווען זייער האַפּעדריק, אַזוי האַפּעדריק, אַז ער האָט מיר צוליב געטאָן, איך זאָל נישט גיין אַזוי גיך צוריק צו הערש־בער דעם חזן און איך זאָל זיך נאָך אַ ביסל שפּילן אינדערהיים.

— דו ביסט דאָך ביי אונדז אַן אורח[2] אויף שבועות, — האָט ער מיר געזאָגט און דערלויבט צו שפּילן זיך אינדרויסן אויף די קלעצער, נאָר מיט אַ תנאי[3], איך זאָל נישט קלעטערן צו פֿיל און הלילה נישט צעררייסן די איינציקע פּאָר הייזלעך.

כאַ־כאַ־כאַ! נישט צעררייסן די איינציקע פּאָר הייזלעך? נישטאָ ווער ב'זאָל לאַכן, ווי איך בין אַ יידן! איר זאָלט זען אַ פּאָר הייזלעך — נו־נו! לאָמיר בעסער נישט רעדן פֿון קיין הויזן!... לאָמיר בעסער רעדן פֿון יאָסיע'ס נגידס קלעצער. אַי, קלעצער, קלעצער! יאָסיע דער נגיד מיינט, אַז די קלעצער זענען זיינע קלעצער. אַ נעכטיקער טאָג! די קלעצער זענען מיינע קלעצער! איך האָב מיר געמאַכט פֿון זיי אַ פּאַלאַץ מיט אַ וויינגאָרטן. איך בין דער פּרינץ. דער פּרינץ שפּאַצירט אַרום פֿראַנק און פֿריי ביי זיך אין וויינגאָרטן, רייסט אָפּ אַ קריגעלע, — אַ קנאַק אַן שטערן, נאָך אַ קריגעלע —

---

1 היסרון (כיסאָרן) — פֿעלער, שלעכטע זאַך.

2 אורח (אוירעך) — אַ גאַסט.

3 תנאי (טנאָי) — באַדינג, באַוואָרעניש.

צו קנאק און שטערן... אלע זענען מיך מקנא. אפילו יאסיע דעם נגידס יינגל מיטן איינל פארגינט מיר נישט מיין גוטס. ער גייט פארביי אין זייגע לוסטרינענע סלבושימלעך, ווייזט מיר אויף מיינע הויזן און לאכט און קריכט דאס אייגל.

—גיי בעסער אוועק מיט גוטן, — זאג איך אים, — אנישט, רוף איך ארויס מיין ברודער עליען!...

פאר מיין ברודער עליען האבן אלע יינגלעך דרך־ארץ[2], און הענעך מיטן איינגל טראגט זיך אפ, און איך בלייב ווידער אליין, ווידער דער זעלבער פרינץ ביי זיך אין ווייגארטן...

פלוצעם דערהער איך פון שטוב ארויס א מאדנע אויסגעשריי מיט א געוויין... איך דערקען דער מאמעס קול... איך הייב אויף די אויגן — אז איינגעלויף ביי אונדז אין שטוב.. יידן און ווייבער... דער ארויס, דער אריין... איך ליג אויף א קלאץ מיטן בויך אראפ. מיר איז גוט!... שאט־שאט! אט גייט יאסיע הער נגיד! יאסיע דער נגיד איז גבאי[3] אין דער קצבישער קלויז, דארטן, וואו מיין טאטע איז חזן שוין דריי און צוואנציק יאר. יאסיע איז אליין אמאל געווען א קצב. היינט האנדלט ער מיט אקסן און מיט פעל און איז א נגיד, א גרויסער נגיד! יאסיע מאכט מיט די הענט, בייזערט זיך אויף דער מאמען און טענהט[4]:

— סטייען, סטייען! וואס האט מען מיר נישט געזאגט, אז פייסי דער חזן איז אזוי סלאף? (ער קאן נישט ארויסריידן קיין שין). וואס האט איר געסוויגן?

— וואס זאל איך שרייען? — פארענטפערט זיך פאר אים די מאמע און גיסט מיט טרערן, — די גאנצע שטאט האט געזען, ווי איך מוטשע זיך, געוואלט אים ראטעווען... און ער אליין האט אויך געבעטן זיך, מע זאל אים ראטעווען...

און די מאמע קאן נישט רעדן ווייטער, פארברעכט מיט די הענט, פארוואָרפט מיטן קאפ. מיין ברודער עליע כאפט זי אונטער:

— מאמע! וואס דארפסטו זיך פארענטפערן? מאמע! פארגעס נישט, מאמע, ס'איז יום־טוב, ס'איז שבועות, מע טאר נישט וויינען, מאמע!...

און יאסיע דער נגיד הערט נישט אויף צו פייערן אויף מיין מאמען:

---

2 דרך־ארץ (דערעך־ערעץ) — אכטונג.

3 גבאי (גאבע) — איינער פון די עלטסטע אין א שול צום דאווענען.

4 טענהט (טיינעס) — רעדט, דערציילט.

— וואָס דערציילט איר מיר — די גאַנצע שטאָט! ווער איז די שטאָט? זאָגן זאָלט איר מיר! אַלצדינג אויף מיין חשבון! חברה-קדישא[1], שמשים, תכריכים — אַלץ אויף מיר, אַלצדינג אויף מיין חשבון!... און טאָמער דאַרף מען עפּעס טאָן פאַר יתומים, זאָלט איר גיין צו מיר, איך זאָלט זיך גאָר ניט שעמען!

יאָסיע דעם נגידס ווערטער באַרויקן אָבער ווינציק־וואָס מיין מאַמען. זי האָלט אין איין יאָמערן און אין איין חלשן ביי מיין ברודער עליע אויף די הענט. און מיין ברודער עליע, וואָס האָלט אַליין אין וויינען, הערט נישט אויף צו דערמאָנען איר, אַז „היינט איז יום־טוב, מאַמע, היינט איז שבועות, מאַמע! מאַמע, מע טאָר נישט וויינען, מאַמע!"...

און מיטאַמאָל ווערט מיר אַלץ קלאָר. און עס טוט מיר אַ קלעם דאָס האַרץ, אַ ציי ביי דער נשמה, און עס גלוסט זיך מיר וויינען, און איך ווייס נישט אויף וועמען... און רחמנות האָב איך אויף דער מאַמען, און איך קאָן נישט זען, ווי זי וויינט, און ווי זי חלשט און ווי זי צאַפּלט ביי מיין ברודער אויף די הענט. און איך פאַרלאָז מיין פּאַלאַץ, מיט מיין ווייַנגאָרטן, און איך גיי צו צו איר פון הינטן, און איך זאָג איר מיטן זעלבן לשון[2], וואָס מיין ברודער עליע, און טרערן קאַפּען פון מיינע אויגן:

— מאַמע! היינט איז יום־טוב, מאַמע, היינט איז שבועות, מאַמע! מאַמע, מע טאָר נישט וויינען, מאַמע!...

## מיר איז גוט — איך בין אַ יתום!

### א.

פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, געדענק איך נישט, איך זאָל זיין אַזאַ מיוחס[3], ווי אַצינד. וואָס איז מיט מיר דער יחוס?

---

1 חברה-קדישא (כעוורע-קאַדישע) — די געזעלשאַפט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער צערעמאָניע פון באַגראָבן אַ נעשטאָרבענעם.

2 לשון (לאָשן) — דאָ: רייד.

3 מיוחס (מעיוכעס) — דאָ געמיינט: אָנגעזעענער מענטש. יחוס (ייכעס) — דאָ: גרויסקייט, שטאָלץ.

— מיין טאטע, פייסי דער חזן, ווייסט איר דאך, איז געשטארבן דעם ערשטן טאג שבועות, און איך בין געבליבן א יתום.

פון דעם ערשטן טאג נאך שבועות האבן מיר אנגעהויבן זאגן קדיש[1] — איך און מיין ברודער עליע. ער טאקע האט מיך אויסגעלערנט זאגן קדיש.

מיין ברודער עליע איז א געטרייער ברודער, אבער נישט קיין גוטער רבי[2]. ער איז א כעסן[3], ער שלאגט זיך! ער האט אויפגעעפנט א סידור און האט זיך אוועקגעזעצט מיט מיר און האט אנגעהויבן מיט מיר שטודירן:

— יתגדל ויתקדש שמי רבה[5]... — ער וויל, אז איך זאל שוין קענען אויף אויסנווייניק. ער חזרט איבער מיט מיר נאך א מאל און נאך א מאל פון אנהייב ביזן סוף, און הייסט מיר, אז איצט זאל איך שוין זאגן אליין. איך זאג אליין, אבער עס גייט נישט.

ביז „ויצמח פורקניה"[6] איז נאך ווי-עס-איז, און קומט „ויצמח פורקניה", פארטשעפע איך זיך. דערלאנגט ער מיר מיטן עלנבויגן און זאגט מיר, אז דער קאפ איז מיר, אפנים, ערגעץ אינדרויסן (גלייך ווי גע-טראפן), אדער ערגעץ ביים קעלבל (גלייך ווי ער איז געוועזן דערבײַ)... ער פוילט זיך נישט און חזרט איין מיט מיר נאך א מאל. איך האב זיך קוים דערשלאגן ביז „לעילא ולעילא" — און ווייטער נישט א טראט. ער נעמט מיך אן פארן אויער און זאגט, אז דער טאטע זאל אויפשטיין און זען, וואס פאר א זון ער האט...

— וואלט איך פארשפארט זאגן קדיש...

אזוי זאג איך צו מיין ברודער עליע און כאפ פון אים א געשמאקן פאטש מיט דער לינקער האנט אין דער רעכטער באק אריין. דערהערט

---

1 קדיש (קאדעש) — תפילה נאך א געשטארבענעם.
2 רבי (רעבע) — דא געמיינט: לערער.
3 כעסן (קייסן) — א מענטש, וואס ווערט אפט אין כעס (קאס).
5 יתגדל ויתקדש שמי רבה (ייסגאדל וועיסקאדעש שמיי ראבא) — די ערשטע ווערטער פון קדיש.
6 ויצמח פורקניה (וועיאצמעך פורקאניי).

די מאַמע און גיט אים אַ פּסק[1], ער זאָל מיך נישט שלאָגן, ווייל איך בין אַ יתום.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס טוסטו? וועמען שלאָגסטו? האָסט פאַרגעסן, אפשר, אַז דאָס קינד איז אַ יתום?!

שלאָפן שלאָף איך מיט דער מאַמען אינעם טאַטנס בעט — דאָס איינציקע שטיקל מעבל אין שטוב. די קאָלדרע גיט זי אָפּ כמעט אינגאַנצן מיר.

— דעק זיך איין, זאָגט זי מיר, און ווער אַנטשלאָפן, מיין יתום. עסן איז נישטאָ וואָס...

דעקן דעק איך זיך איין, אָבער שלאָפן שלאָף איך נישט. איך חזר מיר דעם קדיש אויף אויסנווייניק.

אין חדר גיי איך נישט, לערנען לערן איך נישט, דאַווענען דאַוון איך נישט, זינגען זינג איך נישט. פּטור פון אַלצדינג.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

## ב.

מזל־טוב, איך קען שוין גאַנץ קדיש אויף אויסנווייניק!

אין שול שטיי איך אויף אַ באַנק און קלאַפּ דעם קדיש, ווי אַ מזיק. אַ קול־נגינה[3] האָב איך אויך, בירושה[4] פון מיין טאַטן, אַן אמתע סאָפּראַנאָ. אַלע יינגלעך שטעלן זיך אויס ארום מיר און זענען מיך מקנא. ווייבער וויינען. באַלעבאַטים שענקען מיר אַ קאָפּעקע. יאָסי דעם גבירס יינגל, העניעך מיטן אייגל (ער איז אַ מוראדיקער נישט־פאַרגינער!), אַז ס'קומט צום קדיש, שטעלט ער מיר אַרויס אַ צונג, — ער וויל, ער גייט אויס, ער הלשט, איך זאָל זיך צעלאַכן. אים אויף צו־להכעיס וועל איך נישט לאַכן! האָט דערזען אהרון דער שמש, האָט ער אים גענומען פאַרן אויער און האָט אים צוגעפירט צו דער טיר. אַ מצוה אויף אים![5]

אַזוי ווי איך זאָג קדיש אינדערפרי און אויפדערנאַכט, גיי איך שוין מער נישט צו הערש־בער דעם חזן און טראָג מיך נישט אום מיט זיין דאַבציען. איך בין פריי. אַ גאַנצן טאָג גייען איך זיך ביים טייך — אַדער

---

1 פּסק (פּסאַק) — דאָ: אַן אויסרייד.
3 קול־נגינה (קאָל נעגינע) — שיינע שטימע צום זינגען.
4 בירושה (בעירושע) — איבערגענומען, גערירשנט (געיארשנט).
5 אַ מצווה אויף אים — דאָ געמיינט: רעכט אַזוי, ער האָט עס פאַרדינט.

איך כאַפּ פיש, אָדער איך באָד זיך. כאַפּן פיש האָב איך זיך אויסגעלערנט פון זיך אַליין. אַז איר ווילט, קאָן איך אייך אויסלערנען. מע טוט אויס דאָס העמד און מע פאַרקניפּט דעם אַרבל און מע גייט פּאַוואָליע ביזן האַלדז אין וואַסער. מע דאַרף גיין לאַנג־לאַנג. אַז איר פילט, אַז דאָס העמד איז שווער, איז אַ סימן, אַז ס׳איז פול, גייט איר אַרויס וואָס גיכער און טרייסלט אויס דאָס גאַנצע גראָז מיט דער בלאָטע און קוקט זיך גוט צו. אין גראָז ליגן פאַרפּלאָנטערט אַפּטמאָל קליינע זשאַבקעלעך — וואַרפט זיי צוריק אין וואַסער אַריין, ס׳אַ צער בעלי־חיים[1]. אין דער געדיכטער בלאָטע קאָנט איר אַמאָל געפינען אַ פּיאַווקע. פּיאַווקעס איז געלט — פאַר אַ צענדליק פּיאַווקעס קאָנט איר באַקומען דריי גראָשן, אַנדערהאַלבן קאָפּעקעס. עס גייט נישט צופוס... קיין פיש זאָלט איר נישט זוכן. אַמאָל איז געווען פיש אויך, הײַנט איז נישטאָ. איך יאָג זיך נישט נאָך קיין פיש. איך בין צופרידן, עס זאָלן זײַן כאָטש פּיאַווקעס. הײַנטיקן זומער איז נישט געווען קיין איין פּיאַווקע!

פונוואַנען האָט זיך דערוווּסט מײַן ברודער עליע, אַז איך כאַפּ פיש — ווייס איך נישט. ער האָט מיר שיִער נישט אָפּגעריסן אַן אויער פאַר די פיש. אַ גליק וואָס פּעסיע די גראָבע, אונדזער שכנה, האָט דערזען. אַן אייגענע מאַמע דאַרף זיך אַזוי נישט אײַנשטעלן פאַר איר קינד.

— אָט אַזוי שלאָגט מען אַ יתום?...

מײַן ברודער עליע האָט זיך פאַרשעמט און האָט מיר אָפּגעלאָזט דעם אויער. אַלע שטעלן זיך אײַן פאַר מיר. מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

ג.

אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע האָט זיך אײַן מיר פאַרליבט. זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער מאַמען, ווי אַ קלעשטש, איך זאָל דערווײַל זײַן בײַ איר, בײַ פּעסיען, הייסט עס.

— וואָס וועט אײַך אַרן? — האָט זי געטענהט — עס גייען בײַ מיר צום טיש צוועלף, וועט זײַן אַ דרײַצנטער.

בײַ דער מאַמען האָט זי קוים געפּועלט[3]. האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט מײַן ברודער עליע:

---

1 צער־בעלי־חיים (צאַר־באַלע־כאַים) — אַ רחמנות אויף לעבעדיקע באַשעפענישן.

3 געפּועלט (געפּויעלט) — אויסגעפירט.

— ווער וועט אויף אים אכטונג געבן, ער זאל גיין זאגן קדיש?
— איך וועל אויף אים אכטונג געבן, ער זאל גיין זאגן קדיש. נו, שוין? האט איר צו מיר גארנישט?

פעסיע איז נישט קיין גבירנטע. איר מאן איז אן איינבינדער און הייסט משה. ער האט א שם[1] פארן בעסטן באלמעלאכע. דאס אליין איז אבער קארג. מע דארף נאך האבן מזל אויך. אזוי זאגט פעסיע צו מיין מאמען. מיין מאמע גיט איר נאך. זי זאגט, אז צום שלים-מזל דארף מען אויך האבן מזל. פאר א סימן נעמט זי מיך. אט בין איך א יתום, און אלע ווילן מיך. פאראן בעלנים[2], וואס ווילן מיך צו זיך אויף שטענדיק. נאר ווי לאנג קרענקען אירע שונאים, ווי לאנג זי וועט מיך אוועקגעבן אויף שטענדיק! אזוי זאגט די מאמע און וויינט. זי האלט זיך אן עצה מיט מיין ברודער עליע.

— ווי מיינסטו? זאל ער זיין דערווייל ביי פעסיען?

מיין ברודער עליע איז שוין א גרויסער. אנישט, וואלט מען זיך מיט אים נישט געהאלטן קיין עצה; ער גלעט זיך מיט דער האנט דאס רייטע, נאך נישט באוואקסענע פנים, גלייך ווי ער וואלט שוין געהאט א בארד, און רעדט ווי א גרויסער:

— מהיכי-תיתי[3], אבי ער זאל נאר נישט זיין קיין שייגעץ[4].

און עס בלייבט, אז איך וועל זיין דערווייל ביי אונדזער שכנה פעסיע, נאר בתנאי[5], איך זאל נישט זיין קיין שייגעץ. אלצדינג הייסט ביי זיי א שייגעץ! אנהענגען דער קאץ א פאפיר אויפן עק, זי זאל זיך דרייען — הייסט ביי זיי א שייגעץ! קלאפן מיט א שטעקל איבער די גראטעס פון גלחס הויף, אלע זאלן זיך צעוויפלויפן — הייסט ביי זיי א שייגעץ! אפשטעקן ביי לייבקע דעם וואסערפירער דעם צאפן פון דער פאס, ס'זאל אויסלויפן העכער האלב וואסער — הייסט ביי זיי א שייגעץ!

— דיין גליק, וואס דו ביסט א יתום! — זאגט צו מיר לייבקע דער וואסערפירער — אנישט, וואלט איך דיר איבערגעבראכן א האנט מיט א פוס! מעגסט מיר גלייבן אויף נאמנות[7].

---

1 האבן א שם (שעם) — זיין בארימט.
2 בעלנים (באלאנים) — אזעלכע, וואס ווילן, זיינען גרייט.
3 מהיכי־תיתי (מאכטייסע) — זאל זיין אזוי, ביטע זייער.
4 שייגעץ — דא געמיינט: א שטיפער.
5 בתנאי (ביטנאי) — מיט דעם באדינג.
7 אויף נאמנות (נעמאנעס) — אויפן ערנווארט.

איך גלייב אים אויף נאמנות. איך ווייס, אַז איצט וועט ער מיך נישט אָנרירן, ווייל איך בין אַ יתום.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

## ד.

אונדזער שכנה פּעסיע, זאָל מיר מוחל זיין, האָט געזאָגט אַ גרויסן ליגן. צוועלף, האָט זי געזאָגט, גייען ביי איר צום טיש. לויט מיין רעכענונג, בין איך דער פערצנטער. אַפּנים, זי האָט פאַרגעסן אַריינרעכענען דעם בלינדן פעטער ברוך. און אפשר האָט זי אים נישט אַריינגעשטעלט צווישן די עסערס דערפאַר, ווייל ער איז שוין זייער אַלט און האָט קיין ציין נישט אויף צו קייען. איך וועל זיך נישט שפּאָרן. קייען קאָן ער נישט, דערפאַר אָבער שלינגט ער, ווי אַ גאַנדז, און כאַפּט. אַלע כאַפּן זיי. זייער כאַפּן איז חוץ לדרך הטבע[1]. איך כאַפּ אויך. שלאָגן זיי מיך. מיט די פיס אונטערן טיש שלאָגן זיי מיך. מער פון אַלע שלאָגט זיך וושתי[2]. וושתי איז אַ רוצח[3]. הייסן הייסט ער הערשל, נאָר מחמתי[4] ער האָט אַ גוליש אויפן שטערן האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „וושתי". אַלע האָבן זיי דאָ נעמען און צונעמען: „קלעצל. קאַטער, טשערנאַהוז, בופלאָקס, פּעטעלעלע, גיב־מיר־נאָך, שמיר־מיט־פּוטער"...

האָט קיין יסורים נישט — יעדער נאָמען האָט זיך זיין שורש[5]. פיניע הייסט „קלעצל" דערפאַר, ווייל ער איז גראָב און קיילעכיק, ווי אַ קלעצל. וועלוול איז אַ שוואַרצער, רופט מען אים „קאַטער". חיים איז אַ בופלאָקס, הייסט ער „בופלאָקס". מענדל האָט אַ שפּיציקע נאָז, איז ער אַ „טשערנאַהוז". „פּעטעלעלע" האָט מען אַ נאָמען געגעבן פייטלען דערפאַר, ווייל ער קאָן נישט רעדן. בערל איז אַ גרויסער נאַייער: אַז מען גיט אים אַ שטיקל ברויט מיט שמאַלץ, זאָגט ער: „גיב מיר נאָך". זרחן האָט מען געגעבן אַ מיאוסן נאָמען „שמיר מיט פּוטער" איבער אַ מיאוסן חסרון, וואָס נישט ער איז שולדיק. שולדיק קאָן זיין איז די מוטער, וואָס זי האָט עס פאַרלאָזט און קינדהייט ווינציק געצוואָגן. און אפשר איז זי אויך נישט שול-

---

1 חוץ לדרך הטבע (חוץ לעדערעך האַטעווע) — אויסערגעוויינטלעך.
2 ושתי (וואשתי).
3 רוצח (ראָצייעך) — דאָ: אַ שלעגער, אַ שלעכטער.
4 מחמת (מאַכמעס) — ווייל.
5 שורש (שוירעש) — וואָרצל, אָפּשטאַם.

דיק. איך וועל זיך נישט גיין שפארן, שלאגן זיך אוודאי נישט. קורץ — ס׳איז א שטוב, וואס יעדער האט א צונעמעניש. וואס דארפט איר מער — די קאץ, שוין גאר א שטומע צונג, שוין געווים גאט די נשמה שולדיק, הייסט זי ביי זיי: „פייגע-לאה די גבאיטע"[1]. איר ווייסט פארוואס? דערפאר, וואס זי איז א גראבע, און פייגע-לאה, נחמן דעם גבאים ווייב, איז אויך א גראבע. וויפל, מיינט איר, האבן זיי שוין געכאפט פעטש דערפאר, זיי זאלן נישט רופן קיין קאץ מיט א מענטשלעכן נאמען? ווי אן ארבעס אין דער וואנט! האבן זיי געגעבן עמעצן א צונעמעניש, איז פארפאלן!

## ה.

מיר האבן זיי א נאמען געגעבן — טרעפט וויאזוי? „מאטל מיט די לעפצן"... לעפצן איז א דייטשיש ווארט. אויף אונדזער לשון הייסט דאס „ליפן". אפנים, זיי איז נישט געפעלן מיינע ליפן. זיי זאגן, אז איך עס, מאך איך מיט די ליפן! איך וואלט וועלן זען יענעם מענטשן, וואס זאל עסן און נישט מאכן מיט די ליפן! איך בין נישט פון די גרויסהאלטערס, וואס מען טאר נישט אנרירן זייער כבוד. נאר איך וויים נישט פארוואס — מיר איז דאס צונעמעניש שטארק נישט געפעלן! און ווייל ס׳איז מיר נישט געפעלן, רייצן זיי זיך מיט מיר און רופן מיך דווקא אזוי. איינגעגעסענע ברואים[2] — איר האט נאך אזעלכע נישט געזען! פריער האב איך ביי זיי געהייסן: „מאטל מיט די לעפצן". נאכדעם גלאט „מיט די לעפצן". גאר שפעטער: „לעפצן".

— לעפצן! ווישט אפ די נאז!

— לעפצן! ווו זענט איר געווען?

עס פארדריסט מיך און עס ברענט מיך, און איך וויין. דערזעט דער פאטער זייערער, פעסיעס מאן משה דער איינבינדער, איינמאל, אז איך וויין, פרעגט ער מיך: וואס וויין איך? זאג איך אים: וויאזוי זאל איך נישט וויינען, אז איך הייס מאטל, און מע רופט מיך „לעפצן"! פרעגט ער: ווער? זאג איך: „וועשתי". וויל ער שלאגן „וושתין", זאגט „וושתי": ס׳איז נישט איך, ס׳איז „קלעצל". וויל ער שלאגן „קלעצלען", זאגט „קלעצל": ס׳איז נישט איך, ס׳איז „קאטער".

---

1 גבאיטע (גאבעטע).

2 ברואים — באשעפענישן.

איינער אויפן אנדערן, דער אנדערער אויפן דריטן — א מעשה אן צן עק! איז זיך מיישבי דער פעטער, משה דער איינבינדער, און לייגט זיי אוועק אלע אייננציקווייז און שמייסט זיי אפ מיט א טאוול פון א סידור און זאגט זיי:

— איך וועל אייך ווייזן וויאזוי צו לצוועןי פון א יתום!

אט אזוי. יעדער נעמט זיך אן מיין קריוודע. אלע, אלע שטעלן זיך איין פאר מיר.

מיר איז גוט — איך בין א יתום....

## וואס וועט זיין פון מיר?

### א.

אגב, טרעפט, ווו איז דער גן־עדן? — איר וועט נישט טרעפן. ווייסט איר פארוואס? ווייל ביי איטלעכן איז ער אויף אן אנדער ארט. למשל, די מאמע זאגט, אז דער גן־עדן איז דארטן, ווו מיין טאטע פייסי דער חזן געפינט זיך. דארט, זאגט זי, געפינען זיך אלע ערלעכע נשמות, וואס זיינען נעבעך אפגעקומען אויף דער וועלט; דערפאר וואס זיי האבן נישט די וועלט, קומט זיי יענע וועלט.

דאס איז דאך קלאר, ווי דער טאג. דער בעסטער באווייז איז טאקע דער טאטע מיינער. ווארעם ווו דען זאל ער זיין, אז נישט אין גן־עדן? קארג האט ער זיך אנגעמוטשעט אויף דער וועלט?...

אזוי זאגט די מאמע מיינע און ווישט זיך בשעת מעשה די אויגן, ווי איר שטייגער איז, אז זי רעדט פונעם טאטן.

פרעגט זשע אבער ביי מיינע חברים, וועלן זיי אייך דערציילן מעשיות, אז דער גן־עדן געפינט זיך ערגעץ אויף א בארג פון סאמע קרישטאל, הויך ביזן הימל. ייִנגלעך לויפן דארט ארום פראנק און פריי, לערנען לערנט מען נישט, נאר מע באדט זיך גאנצע טעג אין מילך און מען עסט האניק מיט פולע הויפנס...

1 זיך מיישב (מעיאשעוו) זיין — זיך באקלערן.
2 לצוועןי (לעצעווען) — אפלאכן.

זענט איר שוין פארטיק? קומט צו גיין א ייד אן איינבינדער און טוט זיך א זאג, אז דער אמתער גן־עדן איז גאר פרייטיק אין באד. איך האב עס אליין געהערט פון משה דעם איינבינדער, איך זאל אזוי הערן אלדאס גוטס! היינט גייט דערגייט אן עק!

מע זאל, אשטייגער, פרעגן מיך, וואלט איך געזאגט, אז דער גן־עדן — דאס איז מנשה דעם רופאס[1] גארטן.

— זינט איר לעבט, האט איר נאך אזא גארטן נישט געזען. דאס איז דער איינציקער גארטן נישט נאר אויף אונדזער גאס, נישט נאר ביי אונדז אין שטאט, — איך האב מורא, אז אויף דער גאנצער וועלט איז נישטא נאך אזא גארטן. נישט געווען און עס וועט נישט זיין! דאס וועלן אייך אלע זאגן.

ב.

מנשה דעם רופאס ווייב רופט מען אויף איר מאנס נאמען: „מנשהכע די רופאטע"[2]. זי איז א בייזע יידענע. אזוי זאגן אלע. א פנים האט זי א מאנצבלש, א קול פון א מאנצבל, טראגט מאנצבלשע שטיוול, און אז זי רעדט, דאכט זיך אויס, אז זי בייזערט זיך. זי האט א שיינעם נאמען אויף דער וועלט. זינט זי לעבט, האט נאך קיין ארעמאן ביי איר קיין שטיקל ברויט נישט אויפגעגעסן. און א שטוב איז ביי איר פון אלדאס גוטס...

ביי איר קאנט איר געפינען איינגעמאכטסן פון פאראיארן, פון פאר־דריי־יארן און פון פאר־צען־יארן. וואס דארף זי, למשל, אזוי פיל איינגע־מאכטס? פרעגט זי, אשטייגער, ווייסט זי אליין נישט. אט אזא טבע איז ביי איר. א פארפאלענע זאך, איר וועט זי שוין נישט איבערמאכן. זי ווייסט, אז עס קומט דער זומער, האלט זי אין איין פרעגלען איינגעמאכטס. איר מיינט, זי פרעגלט אויף קוילן? ווער? וואס? זי קאן באשטיין אויף שטעכלקעס, אפ־געפאלענע בלעטלעך. זי מאכט אן אזא רויך אויף דער גאנצער גאס, אז מע קאן דערשטיקט ווערן. טאמער וועט זיך אייך מאכן אמאל קומען צו אונדז זומער־צייט. און איר וועט דערפילן א רויך, זאלט איר זיך נישט שרעקן, ס'איז נישט קיין שריפה. דאס פרעגלט מנשהכע די רופאטע איינ־

---

1 רופא (רויפע) — פעלדשער, געהילף ביי א דאקטאר.
2 רופאטע (רויפעטע) — דא: דעם רופאס ווייב.

געמאַכטס אַליין, מיט אירע אייגענע הענט, פון אירע אייגענע פירות[1], פון איר אייגענעם גאָרטן.

ג.

וואָס פאַר אַ פּירות געפינט איר נישט אינעם דאָזיקן גאָרטן? עפּל, און באַרן, און ווײַנשל, און פלוימען, און קאַרשן, און ווײַמפּערלעך, און אַגרעס, און פּערשקעס, און מאַלינעס, — און וואָס נישט? וואָס דאַרפט איר מער — אַפילו ווײַנטרויבן ווו קריגט מען? — בײַ איר, בײַ מנשהכע דער רופאַטע!

אמת, די ווײַנטרויבן אַז מען פאַרזוכט, דערזעט מען קראַקע מיט לעמבערג. אַזוי שטאַרק זויער זײַנען זיי! פונדעסטוועגן נעמט זי אַפּ פאַר זיי גוט געלט! פון אַלצדינג מאַכט זי געלט. אַפילו פון די סאַניעשניקעס[2]. גאָט זאָל אײַך היטן, איר זאָלט בײַ איר בעטן אויסרײַסן אַ סאַניעשניק! זי וועט אײַך נישט געבן! אַ צאָן זיך אויסרײַסן פונעם מויל איז בײַ איר גרינגער, ווי אויסרײַסן אַ סאַניעשניק בײַ איר פונעם גאָרטן. הײַנט ווער רעדט פון אַן עפּל, אַ באַר, אַ ווײַנשל, אַ פלוים? חיות נישט זיכער[3]!

איך בין גוט באַקאַנט מיטן דאָזיקן גאָרטן. איך ווייס אַפילו, ווו איטלעכס ביימעלע געפינט זיך און וואָס עס וואַקסט אויף דעם, צי ס'איז הײַנטיקס יאָר געראָטן אָדער נישט אַזוי געראָטן. פונוואַנען ווייס איך דאָס? שרעקט זיך נישט, איך בין דאָרטן נאָך קיינמאָל נישט געווען. וויאַזוי האָב איך געקענט זײַן, אַז דער גאָרטן איז אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן פּאַרקן, איבערגעדעקט מיט מוראדיקע שטעכלקעס! זייט איר שוין פאַרטיק? איז אינעווייניק דאָ אַ הונט. נישט קיין הונט, נאָר אַ וואָלף! אויף אַ לאַנגן שטריק שטייט ער צוגעבונדן — אָט דער דאָזיקער כלב שבכלבים[4], און אַנו, לאָז נאָר עמעצער דורכגיין פאַרבײַ, אָדער לאָז זיך אים דאַכטן, אַז עמעצער גייט פאַרבײַ, הייבט ער אָן צו רײַסן זיך, שפּרינגען און בילן מיט אַזאַ כעס, גלײַך ווי דעם רוח כאַפּט אים אַוועק!

פרעגט זיך אַ קשיה[5]: וויבאַלד אַזוי, ווי קום איך אין גאָרטן אַרײַן? הערט זשע, וועל איך אײַך דערציילן.

---

1 פּירות (פּייִרעס) — פרוכטן.
2 סאַניעשניק — זונרויז (פון אוקראַיִניש).
3 חיות (כאַיעס) נישט זיכער — נישט זיכער מיט לעבן.
4 כלב שבכלבים (קעלעוו שעביקלאָווים) — דאָ געמיינט: זייער אַ בייזער הונט.
5 קשיא (קאַשע) — פראַגע.

ד.

מענדל דעם שוחטס קענט איר, צי ניין? קענט איר דאך מענדל דעם שוחטס דירה אוודאי נישט. זי איז די אנדערע פון מנשה דעם רופאס און קוקט גלייך צו אים אין גארטן אריין. ביי מענדל דעם שוחטס, אז מע זיצט אויפן דאך, קאן מען זען אלצדינג, וואס ביי מנשה דעם רופא אין גארטן טוט זיך. די גאנצע קונץ איז, וויאזוי קלעטערט מען ארויף צו מענדל דעם שוחטס אויפן דאך? מיר איז דאס גארנישט. ווייסט איר פארוואס? ווייל מענדל דעם שוחטס דירה איז די אנדערע פון אונדז און איז א סך נידעריקער פון אונדזער שטוב. אז מע דראפעט זיך ארויף צו אונדז אויפן בוידעם (איך טו דאס אן א לייטער, איך וועל אייך אפשר אמאל זאגן וויאזוי), און שטעלט איר ארויס א פוס פונעם קליינעם פענצטערל, אזוי זייט איר שוין ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאך. דארטן לייגט איר זיך אוועק ווי-אזוי איר ווילט: אדער מיטן פנים ארויף, אדער מיטן פנים אראפ. יעדנפאלס, לייגן זיך מוזט איר, אנישט קאן מען אייך חלילה דערזען: וואס טוט איר ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאך? איך האב אויסגעקליבן תמיד א צייט פארנאכטלעך, ווען איך בין געגאנגען אין שול אריין קדיש זאגן. דעמלט איז נישט טאג און נישט נאכט, די בעסטע צייט.

פון דארטן אראפגעקוקט אין גארטן אריין, שווער איך אייך, אז ס'איז א גן־עדן שבגן־עדן...

אז דער זומער הייבט זיך אן און די ביימער הייבן אן צו בליען, זיך באדעקן מיט ווייסע פעדערלעך, קאנט איר האפן, אז נישט היינט איז מארגן — וועלן זיך באווייזן אויף די קורצע שטעכלדיקע ביימעלעך גרינע אגרעסן, דאס איז די ערשטע פירה, וואס עס גלוסט זיך אייך צו פארזוכן. פאראן מענטשן, וואס ווארטן ביז די אגרעסן ווערן רויט. נאראנים! איך זאל האבן די ברכות, וואס גריניערהייט זיינען זיי א סך מער באטעמטס[2] און געשמאק. איר וועט זאגן — זיי זיינען זויער; עס ווערט פון זיי הייליק די ציין? נו, וואס זשע איז? א זויערס קוויקט דאס הארץ, און צו הייליקע ציין איז דא א סגולה[3]: זאלץ. מע שיט ארויף זאלץ אויף די ציין און מע האלט אפן דאס מויל אקעגן א האלבע שעה, קאן מען נאכדעם עסן ווידעראמאל אגרעסן.

2 באטעמט (באטאמט) — געשמאק.
3 סגולה (סגולע) — מיטל.

נאָך די אַגרעסן קומען אויף די ווײַמפּערלעך. רויטינקע, מיט שוואַרצע פּיסקעלעך, מיט געלע קערנדלעך, און צענדליקער־צענדליקער אויף איין צווייגעלע. איין צווייגעלע אַז איר פירט דורך צווישן די ליפּן, באַקומט איר אַ פול מויל מיט ווײַמפּערלעך, ווײַניקע, שמעקנדיקע, מחיה־נפשותי. אַז זיי קומען אויף, קויפט מיר די מאַמע פאַר אַ גראָשן אַ קוואַרטעלע ווײַמפּערלעך — עס איך זיי מיט ברויט. ביי מנשהכע דער רופאטע אין גאָרטן זענען דאָ צוויי רייען קליינע ביימעלעך, האַרט ביי דער ערד, אָנגעזעצט מיט ווײַמפּערלעך. אויף דער זון ברענען זיי און פינקלען אָפּ, און עס גלוסט זיך כאַטש איין צווייגעלע, כאַטש איין ווײַמפּערל מיט צוויי פינגער געבן אַ ריס אָפּ און גלייך אין מויל אַריין! איר וועט מיר גלייבן? אַז איך רעד פון גרינע אַגרעסן מיט רויטע ווײַמפּערלעך, ווערט מיר שוין היילִיק די ציין. לאָמיר בעסער רעדן פון ווײַנשל.

ווײַנשל האַלטן זיך נישט לאַנג גרין. ווײַנשל ווערן גיך פאַרטיק. איך קאָן אײַך שווערן ביי וואָס איר ווילט, אַז איך אַליין האָב באַמערקט ליגנדיק ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאַך: עטלעכע ווײַנשעלעך זענען אין דער פרי געווען גרין אַזוי ווי גראָז (איך האָב זיי גוט באַמערקט, געמאַכט אויף זיי אַ סימן); בײַטאָג האָבן זיי פון דער זון באַקומען רויטע בעקעלעך; דעם זעלבן טאָג פאַרנאַכט זענען זיי שוין געווען רויט ווי פייער!

ווײַנשל פלעגט מיר אויך די מאַמע ברענגען. אָבער וויפל ווײַנשל? פינף שטיק אויף אַ פאָדעם. וואָס טוט מען מיט פינף ווײַנשל? מע שפילט זיך מיט זיי אַזוי לאַנג, ביז מע ווייסט נישט, וווּ זיי זײַנען אַהינגעקומען...

ה.

וויפל שטערן אין הימל — אַזוויפיל ווײַנשל ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטן. איר קאָנט פאַרשטיין, אַז איך בין אַ בעלן געווען אויף איין צווייגעלע איבערצוציילן די ווײַנשל. האָב איך געציילט און נישט געקאָנט איבערציילן!... ווײַנשל האָבן אַ טבע, זיי האַלטן זיך שטאַרק אויף די ריטלעך. זעלטן־ווען עס פאַלט אַראָפּ אַ ווײַנשל אויף דער ערד — ער מוז שוין זײַן איבערצײַטיק, שוואַרץ ווי אַ פלוים. זעט איר, פערשקעס — די פאַלן אָפּ, וויבאַלד זיי ווערן רעכט געל. אַך, פערשקעס, פערשקעס! איך האָב זיי ליב מער פון אַלע פירות. איך האָב אויף מײַן לעבן געגעסן נישט מער ווי איין פערשקע, ליגט זי מיר נאָך אין טעם. איצטער שטייט פאַר מיר אַ גאַנ־

1 מחיה נפשות (מעכאַיע נעפאָשעס) — דאָ: זיי דערקוויקן דאָס האַרץ.

צער בוים מיט פערשקעס, און איך ליג ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאך און קוק און זע, ווי עס פאלט א פערשקע נאך א פערשקע. איינע א געלע, אזש א רויטלעכע, האט זיך פארשפאלטן און געעפנט. עס זעט זיך ארויס פון איר דאס בייכיקע קערל. וואס וועט זי טאן, די רופאטע, מיט אזוי פיל פערשקעס? זי וועט זיי אפטרייסלען מן־הסתם און ווענט־פרעגלען פון זיי איינגעמאכטס. דאס איינגעמאכטס וועט זי פאררוקן ווייט אין דער הרה־בע. ווינטער וועט זי עס אוועקשטעלן אין קעלער אריין, און דארטן וועט עס שטיין אזוי לאנג, ביז עס וועט ווערן געצוקערט און כאפן א שימל.

נאך די פערשקעס קומען אויף פלוימען. נישט אלע פלוימען מיטאמאל. איך האב צוויי סארטן פלוימען ביי מנשה דעם רופא אין גארטן. איין בוים האב איך מיט „טשערקינעס". דאס איז א מין קיילעכיקע, זיסע, הארטע, שווארצע פלוים. דער אנדערער בוים איז א בוים פון פראסטע פלוימען. דאס איז א מין פלוימען, וואס מע רופט זיי „עמער־פלוימען". מע פארקויפט זיי אויפן עמער. זיי האבן א דין הייטל, זענען גליטשיק און קלעפעדיק און וואסערדיק אויפן טעם. פונדעסטוועגן זענען זיי נישט אזוי שלעכט, ווי איר מיינט. הלוואי וואלט מען זיי נאר וועלן געבן. מנשה די רופאטע איז אבער נישט פון די איבעריקע געבערקעס. זי מאכט בעסער פון די פלוימען פאווידלע אויף ווינטער. ווען וועט זי אויפעסן אזויפיל פאווידלע?

ה.

אראפגעפטרט די ווינשל מיט די פערשקעס מיט די פלוימען, הייבט זיך אן פאר מיר א סדרהי עפל.[1] עפל דארפט איר וויסן, איז נישט קיין בארן. בארן, זיי מעגן זיין די בעסטע בארן אין דער וועלט („בערגאמאטן"), ווי־באלד זיי זענען נישט רעכט פארטיק, קאנט איר מיט זיי גארנישט מאכן. גייט קייט האלין! עפל מעגן זיין ווי גרין, די קערנדלעך ווי ווייס, האבן זיי שוין א טעם פון עפל. איר שטעקט אריין די ציין אין א גרינעם עפל, ווערט אייך זויער אין מויל. ווייסט איר, וואס איך וועל אייך זאגן? איך וועל אייך נישט אוועקגעבן קיין האלבן גרינעם עפל פאר צוויי צייטיקע. אויף צייטיקע דארף מעןווארטן ביז העט־העט, און גרינע עפל קאנט איר האבן תיכף נאך דעם, ווי דאס ביימעלע האט אפגעבלים. עס ווענדט זיך נאר אין דער גרייס. וואס וויטער אן עפל וואקסט, ווערט ער גרעסער, אזוי

1 הייבט זיך אן א סדרה (סעדרע) — דא געמיינט: הייבט זיך אן א צייט.

די צווי ווערטער „לאחדים" און „וואלוול" זיינען געווען אזוי גרויס, אַז זיי האָבן פאַרנומען כמעט דעם גאַנצן בויגן. אַז דאָס אָנגעשריבענע האָט זיך אויסגעטריקנט, האָט ער דאָס פּאַפּיר אויסגעהאַנגען ביי אונדז אויף דער טיר פון יענער זייט. אַ סך מענטשן זיינען דורכגעגאַנגען און האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן. איך האָב געזען דורכן פענצטער. מיין ברודער עליע קוקט אויך אין פענצטער אריין און ברעכט די פינגער. אַ סימן, אַז ער איז צעטראָגן. ער מאַכט צו מיר:

— ווייסטו וואָס? גיי אומיסטן שטעל זיך אַוועק ביי דער טיר און הער זיך צו, וואָס זאָגט מען?

מיך דאַרף מען נישט לאַנג בעטן. איך שטעל זיך אַוועק ביי דער טיר און הער זיך צו, וואָס מע זאָגט: ווער עס שטעלט זיך אָפּ און וואָס מע רעדט. אָפּגעשטאַנען אָקעגן אַ האַלבע שעה, קום איך אריין צוריק אין שטוב. מיין ברודער עליע גייט צו צו מיר און פרעגט מיך שטיל:

— נו?

— וואָס נו?

— וואָס האָבן זיי געזאָגט?

— ווער?

— די מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען פאַרביי.

— זיי האָבן געזאָגט, אַז ס'איז שיין אָנגעשריבן.

— און מער גאָרנישט?

— מער גאָרנישט.

מיין ברודער עליע זיפצט. וואָס זיפצט ער? די מאַמע פרעגט אים אויך דאָס זעלבע.

— וואָס זיפצסטו, נאַרעלע? ווארט אויס אַ קאָפּ. אין איין טאָג, ווילסטו, זאָל אויספאַרקויפט ווערן די גאַנצע סחורה?

— כאָטש אַ פּעטשאַטעק![1]... — זאָגט איר מיין ברודער עליע מיט טרערן אין האַלדז.

— ביסט אַ גרויסער נאַר, זאָג איך דיר. ווארט אויס, מיין קינד, די וועסט, אם-ירצה-השם, האָבן אַ פּעטשאַטעק אויך.

אַזוי זאָגט צו אים די מאַמע און גרייט צום טיש. מיר וואַשן זיך און גייען עסן. מיר שפּאַרן זיך צונויף אַלע פיר אינאיינעם. איבער די פלעשער איז ענג אין שטוב — סכנות. נאַר־וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן עסן, לויפט

1 אַ פּעטשאַטעק — אַן אָנהייב פון לייזונג (פון אוקראַיניש).

אריין אַ בחורל, אַ ציקאַווע בחורל¹. ער איז שוין אַ חתן. איך קען אים. קאַפּל הייסט ער. דער טאַטע זיינער איז-אַ שניידער.

— דאָ פאַרקויפט זיך טינט לאחדים?

— יאָ, וואָס איז דען?

— איך האָב געוואָלט אַ ביסל טינט.

— וויפל דאַרפסטו טינט?

— גיט מיר פאַר אַ קאָפּעקע טינט.

מיין ברודער עליע איז אויסער זיך. ער זאָל זיך נישט שעמען פאַר דער מאַמען, וואָלט ער אַט דעם חתן קאַפּל פריער דורכגעפּאַטשט און נאָכדעם אַרויסגעוואָרפן פון שטוב. ער האַלט זיך איין און גיסט אים אָן פאַר אַ קאָפּעקע טינט. עס גייט נישט אַוועק קיין פערטל שעה, קומט אריין אַ מיידל. דאָס מיידל קען אויך נישט. זי קאַלופּעט מיטן פינגער די נאָז און רעדט צו מיין מאַמען:

— דאָ מאַכט מען טינט?

— יאָ, וואָס איז דען?

— די שוועסטער האָט געבעטן, טאָמער קאָנט איר לייען אַ ביסל טינט? זי דאַרף אָנשרייבן אַ בריוול קיין אַמעריקע צו איר חתן.

— ווער איז דיין שוועסטער?

— באַסיע די נייטאָרין.

— אָ? זע נאָר, ווי זי איז אויסגעוואַקסן, קיין עין-הרע! איך האָב דיך גאָר נישט דערקענט. אַ טינטערל האָסטו?

— ווי קומט צו אונדז אַ טינטערל? מיין שוועסטער האָט געבעטן, טאָמער האָט איר אַ פען, זי וועט נאָר אָנשרייבן דאָס בריוול קיין אַמעריקע, גיט זי אייך אָפּ צוריק די טינט-און-פען.

מיין ברודער עליע איז נישטאָ ביים טיש. ער איז אין אַלקער. ער גייט אַרום מיט שטילע טריט, קוקט אַראָפּ און בייסט די נעגל.

## נאָכווייענישן פון דער טינט-פּאָרפּליצונג

### א.

מיין ברודער עליע גייט אַרום אין איינע צרות: וואָס טוט מען מיט דער טינט?

— ווידעראַמאָל טינט? — זאָגט אים די מאַמע.

---

1 בת-יחידה (באַס-יעכידע) — איין-איינציקע טאָכטער.



מיר טראָגן אַרײַן אַ פֿלאַש נאָך אַ פֿלאַש — און פֿליִען אינדרויסן אַרויס

— אַ' רעד נישט פֿון קיין טינט! — ענטפֿערט איר מיין ברודער עליע — כאַפּט דער רוח די טינט! איך רעד פֿון די פֿלעשער! עס ליגט אַ קאַפּיטאַל אין די פֿלעשער! מע דאַרף זען אויסליידיקן די פֿלעשער און מאַכן פֿון זיי געלט!...

פֿון אַלצדינג מאַכט ער געלט! און עס בלייבט, אַז מע דאַרף די טינט אויסגיסן צו אַלדי שוואַרצע יאָר! שלעכט איז נאָר איין זאַך: וווהין גיסט מען אויס אַזוי פֿיל טינט? עס איז פּשוט אַ ביזיון¹!...

— עס וועט נישט העלפֿן. — זאָגט מיין ברודער עליע. — מע וועט מוזן צוּוואַרטן ביז ביינאַכט. ביינאַכט איז פֿינצטער, וועט קיינער נישט זען.

קוים דערלעבט נאַכט. אויף צו־להכעיס שיינט די לבנה, ווי אַ לאַמ־טערן. דעמלט ווען מע דאַרף, יועט זי זיך באַהאַלטן. איצט איז זי דאָ. מע האָט געשיקט נאָך איר!... אַזוי זאָגט מיין ברודער עליע, און מיר טראָגן אַרויס אַ פֿלאַש נאָך אַ פֿלאַש — און פֿליק אינדרויסן אַרויס. פֿון גיסן אויף איין אָרט ווערט אַ טייך. מע דאַרף נישט גיסן כסדר אויף איין אָרט. אַזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער עליע, און איך פֿאָלג אים. איך זוך אים אַלע־מאָל אַ פֿריש אָרט. יעדע פֿלאַש האָט ביי מיר אַן אַנדער אָרט. דער שכנהס יאַנט — פֿליק! דעם שכנס פּאַרקן — פֿליק! צווי ציגן ליגן אַקעגן דער לבנה און מאַלעגירען — פֿליק!

— היינטיקס מאָל גענוג! — זאָג מיין ברודער עליע, און מיר גייען שלאָפֿן.

שטיל און פֿינצטער. עס לאָזט־זיך הערן דער טשירקון³... פֿון הינטערן אויוון הערט זיך אַ מרוקען פֿון דער קאַץ. אַ גרויסע פּעפּערין: טאָג ווי נאַכט וואַלט זי זיך נאָר געוואַרעמט און געדרימלט. און הייז אויף יענער זייט טיר הערן זיך שטילע טריט. אפֿשר אַ נישט־גוטער?... די מאַמע שלאָפֿט נישט. זי שלאָפֿט, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט. איך הער זי שטענדיק, ווי זי קנאַקט די פֿינגער, זיפֿצט און קרעכצט, און רעדט צו זיך אַליין. אַזאַ טבע ביי איר. אַלע נאַכט טענהט זי זיך אויס אַ ביסל. זי דערציילט אירע גרויסע צרות. מיט וועמען רעדט זי דאָס?... מיט גאָט?... אַלע מינוט לאָזט זי אויס מיט אַ קרעכץ:

— אוי, גאָט! גאָט!...

---

1 בזיון (ביזאָיען) — אַ גרויסע בושה.
3 טשירקון — אַ גריל, אַזאַ פֿליגעלע.

## ב.

איך ליג נאָך אויף מײַן געלעגער, אויף דער ערד, און הער פֿונעם שלאָף אַ הו־האַ. עס לאָזן זיך הערן אַלערלײ באַקאַנטע קולות. ביסלעכווײַז עפֿן איך אויף די אויגן — ס׳איז שוין גרויסער טאָג. די שײַן פֿון דער זון האָט זיך אַרײַנגעריסן דורכן פֿענצטער, רופֿט מיך אינדרויסן אַרויס. איך וויל זיך דערמאָנען, וואָס איז געווען נעכטן — אַהאַ! טינט!... איך כאַפּ זיך אויף און טו זיך אָן אויף גיך. מײַן מאַמע איז פֿאַרווײַנט (ווען איז זי נישט פֿאַרווײַנט?), מײַן שוועגערין ברכה איז אין כּעס (ווען איז זי נישט אין כּעס?), און מײַן ברודער עליע שטייט אין מיטן שטוב, דעם קאָפּ אַראָפּ, כאַטש מעלק אים אויס. וואָס איז די מעשה? נישט איין מעשה, נאָר עטלעכע מעשׂות! אונדזערע שכנים זײַנען אויפֿגעשטאַנען אינדערפֿרי, האָט זיך אָנגעהויבן אַ התּונה — מע האָט זיי געקוילעט. איינעם האָט מען אָפּגעשפּריצט די גאַנצע וואַנט מיט טינט, דעם אַנדערן האָט מען אָפּגעגאָסן אַ נײַעם פּאַרקן. דער דריטער האָט געהאַט צוויי ווײַסע ציגן, האָט מען זיי אים געמאַכט שוואַרץ, נישט צו דערקענען. דאָס אַלין וואָלט נאָך געווען צו דערלײַדן, ווען נישט דעם שוחטס זאָקן. אַ נײַע פּאָר זאָקן, ווײַסע זאָקן האָט די שוחטקע אויסגעהאָנגען בײַ אונדזער שכנה אויפֿן פּאַרקן, האָט מען פֿון זיי געמאַכט אַ תּל.[1] עמעצער האָט זי געבעטן, זי זאָל אויסהענגען זאָקן אויף אַ פֿרעמדן פּאַרקן. די מאַמע האָט איר צוגעזאָגט אָפּקויפֿן אַ פּאָר נײַע זאָקן. אַבי ס׳זאָל זײַן שטיל. וואָס זשע וועט זײַן מיט דער וואַנט? מיטן פּאַרקן? ס׳איז געבליבן, אַז מײַן מאַמע מיט מײַן שוועגערין ברכה זאָלן זיך אַוועקשטעלן מיט צוויי בערשטלעך און מיט ווײַסע ליים און פֿאַרשמירן די פֿלעקן.

— אײַער גליק, וואָס איר האָט אָנגעטראָפֿן אויף ערלעכע שכנים. ווען איר טרעפֿט מיט אײַער טינט אויף מנשה דעם רופֿאס גאָרטן, וואָלט איר געוווּסט, וואָס פֿאַר אַ גאָט מיר האָבן!

אַזוי זאָגט אונדזער שכנה פּעסיע צו מײַן מאַמען.

— וואָס זשע מיינט איר? צו שלימזל דאַרף מען אויך האָבן מזל! — ענטפֿערט איר די מאַמע און קוקט אויף מיר.

וואָס מיינט זי, אַ שטייגער?...

---

1 מאַכן אַ תּל (טעל) — צעשטערן, קאַליע מאַכן.

# ג.

— איצט וועל איך שוין זיין קליגער. — מאַכט צו מיר מיין ברודער עליע. — לאָז נאָר ווערן נאַכט, אַזוי טראָגן מיר אָפּ די פלעשער צום טייך.

געררעכט, ווי איך בין אַ ייד! וואָס קאָן דיין נאָך קליגער דערפון? סיי־ווי־בײַ גיסט מען אין טייך אריין כל האַפּאַסקודסטוועס! דאָרט וואַשט מען גרעט, דאָרט באָדט מען פערד, דאָרט פּאַליאָסקען זיך חזירים. איך בין מיטן טייך אַ נאָענטער מחותן. איך האָב אייך שוין אַמאָל באַשריבן, ווי איך כאַפּ דאָרטן פיש. דערפון וועט איר לייכט פאַרשטיין, ווי איך האָב ארויסגעקוקט אויף דער מינוט, ווען מיר וועלן גיין צום טייך. עס איז נאָר געוואָרן נאַכט, האָבן מיר אָנגעפּאַקט פולע קוישן מיט פלעשער און גענומען טראָגן זיי צום טייך. אויסגעגאָסן די טינט, אָפּגעטראָגן די ליידיקע פלעשער אהיים און גענומען ווידעראַמאָל פולע פלעשער. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר אַזוי געאַרבעט. איך האָב שוין לאַנג נישט געהאַט אַזאַ גוטע פריילעכע נאַכט. שטעלט אייך פאָר: די שטאָט שלאָפט. דער הימל איז אויסגעשטערנט. די לבנה שיינט אראָפּ אין טייכל אריין. ס׳איז שטיל — מחיה. דאָס טייכל איז אַ לעבעדיק טייכל. קומט נאָך פסח, אַז עס צעגייט דאָס אייז, אַרבעט דאָס מעשים! בלאָזט זיך אָן, צעשפּרייט זיך און צעגיסט זיך. וואָס ווייטער ווערט דאָס קלענער, שמעלער און פלאַטשיקער. צום סוף זומער ווערט דאָס גאָר אַנטשוויגן. עס כאַפּט אַ דרעמל. עמעצער אויפן דנאָ אין בלאָטע מאַכט: בול־בול־בול. אַ פּאָר זשאַבקעס רופן זיך אָפּ פון יענער זייט: קרואַ־קרואַ! ס׳איז אַ ביזיון, נישט קיין טייך! איר קאָנט פאַרשטיין, אַז איך קאָן אים איבערגיין צופוס פון ברעג צו ברעג, נישט אויסגעטאָן די הויזן!

פון אונדזער טינט איז דאָס טייכל געוואָרן אַ ביסל גרעסער. אַ קליי־ניקייט, אפשר טויזנט פלאַש טינט! דערפאַר האָבן מיר זיך אָנגעהאָרעוועט, ווי די אָקסן. אַנטשלאָפן געוואָרן זיינען מיר, ווי די געהאָרגעטע. אויפגעוועקט האָט אונדז די מאַמע מיט אַ געוויין:

—פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן און ווי איז מיין וועלט! וואָס האָט איר געטאָן אַזעלעכס מיטן טייך?...

עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז מיר האָבן אומגליקלעך געמאַכט אַ גאַנצע שטאָט: די וועשערינס האָבן נישט וווּ צו וואַשן גרעט. די באַלע־גאָלעס האָבן נישט וווּ אָנצוטרינקען די פערד. די וואַסערפירערס... אָט וועלן זיי זיך צונויפנעמען אַלע איינעם און וועלן קומען זיך רעכענען

מיט אונדז, אזוי זאָגט אונדז אין די מאַמע א בשורה[1]. מיר אָבער וועלן אויף זיי נישט וואַרטן. מיר ווילן נישט זען, וויאַזוי וואַסערפּירערס וועלן זיך מיט אונדז רעכענען. איך און מיין ברודער עליע נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און — מאַרש צו זיינעם א חבר פיניע.

— דאָרט לאָזן זיי אונדז זוכן, אַז זיי באַדאַרפן!...

אזוי זאָגט מיר מיין ברודער עליע, נעמט מיך פאַר אַ האַנט און מיר לאָזן זיך גיך און געשווינד באַרג־אַראָפּ, צו־זיין חבר פיניע. אז מיר וועלן זיך זען, וועל איך אייך אַמאָל באַקאַנט מאַכן מיט מיין ברודער עליעס חבר פיניע. ס'איז כדאי, איר זאָלט זיך מיט אים באַקענען: ער האָט אויך אין זיך גוטע געדאַנקען.

# אַ גאַס ניסט

## א.

ווייסט איר, וואָס פאַר אַ סדרה[2] עס גייט ביי אונדז היינט? — מיין! מיין ברודער עליע האָט א גאַנצע וואָך געלערנט דאָס בוך, וואָס מע מאַכט דורך דעם געלט, „פאַר א רובל — הונדערט". ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט, זאָגט ער, אויסטרייבן מייז, טאַראַקאַנעס און אנדערע מיאוס־קייטן. שטשורעס אויך. לאָז מען אים נאָר אַריינלאָזן ערגעץ מיט זיין פּראַשעק — אזוי בלייבט נישט איין מויז.זיי צעלויפן זיך. א סך פיגערן אוועק. נישטאָ מער קיין מייז! וויאַזוי ער מאַכט דאָס — ווייס איך נישט. ס'איז אַ סוד. דאָס בוך האַלט ער אין בוזעם־קעשענע, דעם פּראָשעק אין אַ פּאַפּיר. דער פּראָשעק איז רויטלעך און צעריבן דין, ווי שמעק־טאַבאַק. רופן רופט זיך עס „שעמעריצי".

— וואָס הייסט דאָס שעמעריצי?

— טערקישער פעפער.

— וואָס הייסט דאָס טערקישער פעפער?

— איך וועל דיר געבן א „וואָס־הייסט־דאָס", וועסטו ביי מיר עפענען מיטן קאָפּ די טיר!

---

1 בשורה (בסורע) — דאָ געמיינט: וויכטיקע ניים.

2 גייט א סדרה (סעדרע) — דאָ געמיינט: מיט וואָס מע פארנעמט זיך איצט, וואָס איז אקטועל.

אזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער עליע. ער האָט פיינט, אַז מע פרעגט אים קשיותי סאַמע ביי דער רעכטער אַרבעט. איך קוק און שווייג. איך זע, אַז חוץ דעם רויטן פּראָשעק, איז דאָ ביי אים נאָך אַ פּראָשעק. אויך גוט צו מייז. נאָר מען דאַרף זיין מיט דעם געהיט!

— סם־המות![2] — זאָגט מיין ברודער עליע אפשר הונדערט מאָל דער מאַמען, ברכהן און מיר. דער עיקר — מיר, איך זאָל זיך חלילה צו דעם נישט צורירן — ס'איז סם!

די ערשטע פּרווו האָבן מיר געמאַכט אויף אונדזער שכנה פּעסיעס מייז. דאָרט האַלטן זיך מייז אַן אַ שיר. איר ווייסט דאָך, אַז איר מאַן איז אַן איינבינדער. משה רופט מען אים. תמיד איז ביי אים אַ פולע שטוב מיט ספרים, מייז האָבן ליב ספרים. און נישט אַזוי ספרים, ווי פּאַפּ. פּאַפּ איז דאָס, וואָס מע קלעפּט מיט דעם ספרים. צוליב דעם פּאַפּ עסן זיי ספרים אויך.

— לאָזט מיך אויף איין נאַכט! — בעט זיך מיין ברודער עליע ביים איינבינדער. דער איינבינדער וויל נישט. ער זאָגט:

— איך האָב מורא, זאָלסט מיר נישט איבערפּירן די ספרים.

— מיט וואָס וועל איך אייך איבערפּירן די ספרים? — פרעגט אים מיין ברודער עליע.

— איך ווייס אליין נישט מיט וואָס, נאָר איך האָב מורא. ס'איז פרעמדע ספרים.

נו, גייט רעדט מיט אַן איינבינדער! קוים געפּועלט, ער זאָל אונדז צו־לאָזן אויף איין נאַכט.

**ב.**

די ערשטע נאַכט איז אונדז נישט געראָטן. נישט געכאַפּט איין מויז אפילו! מיין ברודער עליע זאָגט אפילו, אַז ס'איז אַ גוטער סימן. די מייז, זאָגט ער, האָבן דערשמעקט דעם פּראָשעק, זיינען זיי זיך צעלאָפן. דער איינבינדער דרייט מיטן קאָפּ און שמייכלט מיט איין ליפּ. אפנים, ער גלייבט נישט. פונדעסטוועגן איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטאָט, אַז מיר פאַר־טרייבן מייז. דער קלאַנג האָט זיך טאַקע גענומען פון אונדזער שכנה פּעסיע. זי איז אַוועק גאַנץ פרי אין מאַרק און האָט צעפּויקט איבער דער

---

1 קשיות (קאַשעס) — פראגעס.

2 סם־המות (סאַם־האַמאָוועס) — טויטלעכער גיפט.

גאַנצער שטאָט, אַז אַזוי ווי מיר פאַרטרייבן מייז, פאַרטרייבט קיינער נישט. זי האָט אונדז געמאַכט אַ נאָמען. פריער מיטן קוואַס האָט זי אויך געפּויקט איבער דער גאַנצער שטאָט, נאָכדעם האָט זי אויסגעפּויקט, אַז מיר מאַכן אַזאַ טינט, וואָס עס עקט זיך די וועלט. וואָס האָט אָבער גע־האָלפן איר פּויקן, אַז קיינער דאַרף נישט קיין טינט? מייז איז נישט דאָס, וואָס טינט. מייז זענען פאַראַן אומעטום, כמעט אין יעדער שטוב. יעדער באַלעבאָס האָט אַ קאַץ. נאָר וואָס העלפט איין קאַץ קעגן אַזויפיל מייז? בפרט שטשורעס! שטשורעס הערן אַ קאַץ, ווי המן דעם גראַגער[1]. אַ סברה[2], אַז פאַר שטשורעס האָט אַ קאַץ אַליין אויך מורא. אַזוי זאָגט בערע דער שוסטער. ער דערציילט זיך אָן פון שטשורעס אַזעלכע מעשיות, אַז אַ שרעק! מע האַלט אים אַפילו פאַר אַ שטיקל בעל־מגזם[3], נאָר לאָז זיין, אַז ס׳איז נאָר האַלב אמת, איז דאָס אויך שיין.

ער זאָגט, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי צוויי גרויסע שטשורעס זייַנען אַרויס פון זייערע נאָרעס און האָבן פאַר זיינע אויגן אויפגעגעסן אַ פּאָר שטיוול. בייַנאַכט איז דאָס געווען. צוגיין נאָענט האָט ער מורא געהאַט — צוויי מוראדיקע שטשורעס, ווי קעלבלעך די גרייס. פונדערווייטן האָט ער זיי געטריבן, געפייַפט אויף זיי, געטופּעט מיט די פיס, געשריגן: קיש־קיש־קיש־קיש! עס האָט נישט געהאָלפן קיין זאַך. ער האָט זיי אַ וואָרף געטאָן אַ קאַפּיטע פון אַ שטיוול, האָבן זיי אַ קוק געטאָן אויף אים און געטאָן זייערס, נאָכדעם האָט ער זיי אַ שמיץ געטאָן אין פּנים די קאַץ. זענען זיי אָנגעפאַלן אויף דער קאַץ און האָבן זי אויך אויפגעגעסן. קיינער האָט אים נישט געוואָלט גלייבן, נאָר־אַז אַ מענטש שווערט!

— לאָזט מיך אָקאָרשט אויף איין נאַכט, — זאָגט צו אים מיין ברודער עליע, — וועל איך אייך אַרויסטרייבן אַלע שטשורעס!

— אַך, מיטן גרעסטן כבוד! — זאָגט בערע דער שוסטער. — איך וועל אייך נאָך זאָגן אַ דאַנק!...

---

1 הערן, ווי המן (האָמען) דעם גראַגער — פאָלקסווערטל. באַטייט: זיך נישט ווייסנדיק מאַכן, נישט האָבן מורא דערפאַר.
2 אַ סברה (סוואָרע) — ווייַזט אויס, זייער מעגלעך.
3 בעל־מגזם (באַל־מעגאַזעם) — אַזאַ איינער, וואָס מאַכט אַ זאַך גרעסער ווי זי איז, וואָס דערציילט נישט־אמתע געשיכטעס.

## ג.

אַ גאַנצע נאַכט זײַנען מיר אויסגעזעסן בײַ בערע דעם שוסטער. בערע אַליין איז אויך געזעסן מיט אונדז. אָך, וואָסערע שיינע מעשיות ער דערציילט זיך אָן!

מײַן ברודער עליע הערט אויס די מעשיות און די ברעמען בײַ אים שמייכלען. דאָס הייסט, ער אַליין לאַכט נישט, נאָר די ברעמען לאַכן. אַ מאָדנער געלעכטער. בערע דער שוסטער באַמערקט דאָס נישט. ער הערט נישט אויף צו דערציילן זײַנע וווּנדערלעכע מעשיות. איין מעשה איז מוראדיקער פון דער אַנדערער. אָט אַזוי זענען מיר אָפּגעזעסן ביז טאָג. און שטשערעס? איר זאָלט זאָגן — איין שטשער אַפילו.

— איר זײַט אַ כישופמאַכער! — זאָגט בערע דער שוסטער צו מײַן ברודער עליען. און ער גייט אַרויס אין שטאָט און דערציילט זיך אָן חידושים, וויאַזוי מיר האָבן בײַ אים מיט אַ שפּרונג אַרויסגעטריבן אַלע שטשערעס אין איין נאַכט. ער שווערט, אַז ער האָט אַליין געזען, וויאַזוי מײַן ברודער עליע האָט עפּעס געשעפּטשעט, זענען אַרויס די שטשערעס פון די נאָרעס און האָבן זיך געלאָזט באַרג־אַראָפּ, אַהין, צום טײַך צו, אַריבערגעשוווּמען דעם טײַך און אַוועק ווײַטער. ער ווייסט נישט וווּהין...

## ד.

— דאָ טרײַבט מען מײַז? — אזוי קומט מען אַלעמאָל צו אונדז מיט אַ נײַס און מע רופֿט אונדז, מיר זאָלן זיך[1] מטריח זײַן, קומען אַרויסטרײַבן די מײַז מיט אונדזער שפּרונג...

מײַן ברודער עליע איז אָבער אַן אמתער מענטש. ער האָט פֿײַנט „ליגנים". ער זאָגט, אַז טרײַבן! טרײַבט ער מײַז נישט מיט קיין שפּרונג, נאָר מיט אַ פּראָשעק. ער האָט אַ פּראָשעק אַזעלכן, וואָס אַז די מײַז דערשמעקן אים, צעלויפֿן זיי זיך.

— לאָז זײַן אַ פּראָשעק, לאָז זײַן אַ שוואַרציאָר, אַבי איר זאָלט מיר אַרויסטרײַבן די מײַז!... וויפֿל וועט דאָס קאָסטן?

מײַן ברודער עליע האָט פֿײַנט דינגען זיך. ער זאָגט, אַז פֿאַרן פּראָשעק

---

1 זיך מטריח (מאַטריעד) זײַן — אַזאַ העפֿלעכקייט-ווענדונג, אַזוי ווי: „זײַן אַזוי גוט".

קומט אים אַזויפיל, און פאַר דער טירחה[1] אַזויפיל און אַזויפיל. געוויינטלעך, זאָגט ער אַלעמאָל טייערער. אַלע טאָג העכערט ער דעם פּריז. דאָס הייסט, נישט ער העכערט, נאָר מיין שוועגערין העכערט.

— מאָנעפּשעך[2], — זאָגט זי, — עסט מען חזיר, זאָל רינען איבערן באָרד, אַז דו ביסט שוין יאָ געוואָרן אַ מייזנטרייבער, נעם כאָטש געלט.

מיין ברודער עליע שפּאַצירט איבער דער שטוב און צופּט זיך דאָס בערדל. ער האָט שוין אַ היפּש בערדל. סע וואַקסט ביי אים מיט רוחות. ער צופּט עס, און סע וואַקסט. מאָדנע וואַקסט דאָס בערדל, אויפן האַלדז גאָר האָט זיך עס ביי אים צעוואַקסן. דאָס פּנים איז גלאַט, נאָר דער האַלדז איז פול מיט באָרד. איר האָט געזען אַמאָל אַזאַ באָרד?

אַלעמאָל, ווען מיין ברודער עליע פאַרדינט געלט, ווערט ער ביי זיין ווייב ברכה אַ מיוחס. איך ווער אויך ביי איר טייערער, ווייל איך העלף מיין ברודער פאַרדינען געלט. אַזוי רופט זי מיך „שלעפּער" אָדער „שלים-מזל". איצט האָט זי מיך פאַרצויגן. איך הייס שוין ביי איר „מאָטעלע":

— מאָטעלע! דערלאַנג מיר די שיך.

— מאָטעלע! נעם מיר אָן אַ קוואָרט וואַסער.

— מאָטעלע! טראָג אַרויס דאָס מיסט.

אַז מע פאַרדינט געלט, איז גאָר אַנדערע ווערטער.

## ה.

דער חיסרון פון מיין ברודער עליע — וואָס ער האָט ליב אַ סך. קוואַס אַ דייזשקע. טינט — טויזנט פעלשער. אַ פּראָשעק פון מייז — אַ פולער זאַק. אונדזער שכנהס מאַן, דער איינבינדער, האָט אים אָבער געזאָגט: „וואָס דאַרף מען אַזוי פיל?" האָט אים נאָך מיין ברודער עליע גוט מכבד געווען. וואָלט מען כאָטש דעם זאַק פאַרשלאָסן ערגעץ אין אַ שאַפע. גייען זיי אַלע אַוועק און לאָזן מיך איבער איינעם אַליין מיטן זאַק. וואָס קומט מיר דערפאַר, וואָס איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אים אַ ווײלע רייטנ-דיק? עלעהיי ס'איז אַ פערדל! זאָל איך זיין אַ נביא, אַז דער זאַק וועט פּלאַצן, און עס וועט זיך געבן אַ שאָט אויס פון אים עפּעס אַ געלע זאַך! דאָס איז טאַקע דער געלער פּראָשעק, וואָס מיין ברודער עליע פאַרטרייבט מיט אים די מייז. ער האָט אַזאַ שאַרפן ריח, אַז מע קאָן הלשן! איך בייג זיך

---

1 טירחה (טירכע) — מי, אַרבעט.

2 מאָנעפּשעך — אָדער-אָדער, איינס פון די ביידע.

אָן, איך וויל צונויפנעמען דאָס, וואָס האָט זיך צעשאָטן, פאַלט אָן אויף מיר אַ ניסעריי. איך זאָל אַריינציִען אין נאָז אַריין אַ גאַנצע פּושקע מיט שמעק־טאַבעק, וואָלט איך נישט באַדאַרפט אַזוי שטאַרק ניסן. איך נים אַזוי לאַנג, ביז איך כאַפּ מיך אַרויס אינדרויסן. טאָמער וועל איך אויפהערן ניסן. הער־וואָס? עס קומט אָן די מאַמע און דערזעט, איך נים. פרעגט זי מיך: וואָס איז? איך קאָן איר ענטפערן נאָר טשכי! און טשכי! און ווידעראַמאָל טשכי!

— ווינד איז מיר, וווּ האָסטו געכאַפּט אַזאַ קאַטער? — זאָגט צו מיר די מאַמע און ברעכט די הענט. איך הער נישט אויף צו ניסן און ווייז מיט דער האַנט אַהין, אין שטוב אַריין. זי גייט אַריין און לויפט אַרויס צוריק נאָך מיט אַ גרעסערער ניסעריי, ווי איך. קומט אָן מיין ברודער עליע און דערזעט אונדז ביידע ניסן. פרעגט ער: וואָס איז דאָס? ווייזט אים די מאַמע מיט דער האַנט אַהין, אין שטוב אַריין. ער כאַפּט זיך אַריין און לויפט אַרויס צוריק מיט אַ געוואַלד:

— ווער האָט דאָס צע— טשכי! טשכי!...

איך האָב שוין לאַנג נישט געזען מיין ברודער עליע אין כעס אַזוי ווי אַצינד. ער לאָזט זיך מיט ביידע הענט גלייך אויף מיר. אַ גליק, וואָס ער ניסט, אַנישט — וואָלט איך פון זיינע הענט אַרויס אַ קאַליקע. מיין שוועגערין ברכה קומט אָן, טרעפט זי אונדז אַלע דריי האַלטן זיך מיט די הענט ביי די זייטן און ניסן.

—וואָס איז מיט אייך? וואָס האָט איר זיך פלוצעם צעניסט?

וואָס זאָלן מיר איר זאָגן? מיר קאָנען דען איבערעדן אַ וואָרט? ווייזן מיר מיט דער האַנט אַהין, אין שטוב אַריין. כאַפּט זי זיך אַריין און לויפט באַלד אַרויס צוריק רויט, ווי העליש פייער, און פאַלט אָן אויף מיין ברודער עליען:

— וואָס האָב איך דיר גע — טשכי! טשכי!...

קומט אָן אונדזער שכנה. פּעסיע די גראַבע. זי רעדט צו אונדז, נאָר קיינער קאָן איר נישט ענטפערן קיין וואָרט. מיר ווייזן איר מיט דער האַנט אַהין, אין שטוב אַריין. זי גייט אַריין און לויפט אַרויס צוריק:

— וואָס האָט איר אַזעלכעס גע— טשכי! טשכי!...

אונדזער שכנה מאַכט מיט ביידע הענט. עס קומט אַרויס איר מאַן, משה דער איינבינדער. דער איינבינדער קוקט אויף אונדז און לאַכט.

— וואָס איז דאָס אויף אייך אָנגעפאַלן פאַר אַ ניסעריי?

— זייט זיך מטריח אַהין — טשכי! טשכי! — זאָגן מיר צו אים און ווייזן אים אַלע אַהין, אין שטוב אַריין. דער איינבינדער גייט אַריין צו אונדז אין שטוב אַריין און שפּרינגט אַרויס מיט אַ געלעכטער:

— איך ווייס שוין, וואָס דאָס איז! איך האָב אַ שמעק געטאָן! דאָס איז שעמע — טשכי! טשכי!

און ער כאַפּט זיך מיט ביידע הענט ביי די זייטן און ניסט געשמאַק. נאָך יעדן ניס גיט ער אַ שפּרינג אונטער, בלייבט שטיין אויף די שפּיץ פינגער און טוט אַ ניס, און ווידער אַ שפּרונג אונטער, און ווידער אַ ניס, און אַזוי ווייטער. אין איין האַלבע שעה ניסן שוין אַלע אונדזערע שכנים און שכנות מיט זייערע פּעטערס און מומעס און גלידשוועסטערקינדער און זייערע באַקאַנטע — די גאַנצע גאַס, פון איין עק ביזן אַנדערן, האַלט אין איין ניסן!

וואָס האָט זיך מיין ברודער עליע אַזוי דערשראָקן? אַפּנים, ער האָט מורא, מע זאָל נישט אויסלאָזן דעם כעס צו אים פאַרן ניסן, וואָס מע ניסט? ער נעמט מיך פאַר אַ האַנט, און גיכנדיק לאָזן מיר זיך ביידע גיין באַרגאַראָפּ, צו זיין חבר פיניע. עס נעמט גוטע אַנדערהאַלבן שעה, ביז מיר זענען אימשטאַנד צו רעדן אַזוי ווי מענטשן. מיין ברודער עליע דערציילט זיין חבר פיניע די גאַנצע מעשה.

זיין חבר פיניע הערט אים אויס מיט קאָפּ, אַזוי ווי אַ דאָקטאָר הערט אויס אַ חולה[1]. אַז מיין ברודער עליע האָט געענדיקט, מאַכט צו אים זיין חבר פיניע:

— אַנו, ווייז נאָר אַהער דאָס בוך.

מיין ברודער עליע נעמט אַרויס דאָס בוך פון בוזעם-קעשענע און גיט דאָס איבער צו זיין חבר פיניע. זיין חבר פיניע לייענט איבער דאָס אייבערשטע בלעטל: „פאַר איין רובל — הונדערט רובל! וויאַזוי פון גאָרנישט, מיט די פינף פינגער, מאַכן הונדערט רובל אַ חודש און מער"... ער נעמט דאָס בוך און טוט דאָס אַ וואָרף אַריין אין אויוון אַריין גלייך אויפן פייער. מיין ברודער עליע טוט זיך אַ לאָז מיט ביידע הענט צום פייער. זיין חבר פיניע שטעלט אים אָפּ:

— פּאַוואָליע, נישט געכאַפּט!

נאָך אַ פּאָר מינוט — און פון מיין ברודער עליעס בוך, וואָס לערנט וויאַזוי צו מאַכן הונדערט רובל אַ חודש און מער, איז געבליבן נישט מער ווי אַ בערגל אויפגעבלאָזענער אַש. פון איין זייט איז פאַרבליבן אַ שטיקל נישט פאַרברענט פּאַפּיר, קוים-קוים וואָס מע האָט געקאָנט איבערלייענען: ש-ע-מ-ע-ר-י-צ-י.

---

1 חולה (כוילע) — אַ קראַנקע.

# אונדזער חבר פיניע

## א.

מיין ברודער עליעס חבר פיניע איז אויך א קאפּמענטש, אזוי ווי זיין טאטע הערש-לייב דער מעכאניק און אזוי ווי זיין פעטער שנייער דער זייגערמאכער. א נאז האט ער אויך א לאנגע, אזוי ווי זיי. נעזעריק זיינען זיי אלע, די גאנצע משפחה זייערע.

פיניע זעט אפילו אויס מאדנע. אז איר טוט אויף אים א קוק, מוזט איר זיך צעלאכן. נישט גענוג, וואס ער איז דין און הויך, האט ער א פאר לאנגע אויערן, א לאנגן האלדז, ווי א גאנער, און א נידעריקע ראיה[1] דערצו. ווו ער זאל נישט גיין, מוז ער זיך מיט עמעצן צעבוצקען. שטעלט ער זיך אוועק, מוז ער עמעצן אנטרעטן אויפן פוס. איין הויז מוז ביי אים זיין פארקאטשעט. איין זאק מוז זיין אראפּגעלאזט. און אז ער רעדט, כארכלט ער, און האט ליב צוקערקעס. ווען איר זאלט אים נישט באגעגענען, האלט ער עפּעס אין מויל און סמאטשקעט. דערפאר איז ער אבער א געראטענע כלי[2]. נישטא איין זאך אויף דער וועלט, וואס ער זאל נישט קענען. מיט זיין לערנען האט ער, זאגט מען, אריבערגעיאגט דעם רב. מיט זיין שרייבן וועט ער פארשטעקן אין גארטל אלע קענערס. א הוין וואס ער האט א זעלטענע האנטשריפט, איז ער א גרויסער בריה אויף גראמען. וואס ער זאל נישט שרייבן, שרייבט ער מיט גראמען. ער האט שוין באשריבן די גאנצע שטאט: דעם רב, דעם שוחט, די גבאים, די יאטקעס, זיין אייגענע מישפחה — אלעמען האט ער שוין באשריבן, און אלעמען אין גראמען. פיניעס גראמען זיינען א צייט ארומגעגאנגען פון האנט צו האנט און מע האט זיך געקאטשעט פאר געלעכטער. אנדערע האבן זיי אויסגעלערנט אויף אויסווייניק.

איצט שרייבט שוין פיניע מער נישט קיין גראמען. עס קריכן אים שוין נישט אין קאפּ קיין גראמען. ער איז אויף גרויסע צרות. אזוי זאגט אויף זיך פיניע אליין.

פיניע האט חתונה געהאט פאר א מילנערס א טאכטער. דער מילנער האט אים געגעבן א קלייטל פון מעל. מיין ברודער עליע איז אים מקנא, וואס ער האט א געשעפט. פיניע לאכט פון אים. ער זאגט: ס'איז א געשעפט, נאר נישט פאר אים. וואס איז דאס, זאגט ער, פאר אן אר-

1 נידעריקע ראיה (ריע) — קורצזיכטיקייט, נישט זען פון ווייט.
2 א געראטענע כלי (קיילע) — דא געמיינט: א פעיקער.



וויבאַלד אַ סוד — מוז איך וויסן.

בעט פאַטשקען זיך מיט מעל? וואָס איז ער שולדיק, אַז ער קאָן נישט זיצן אין קלייט? ער קאָן נישט, זאָגט ער. דער קאָפּ טראַגט אים. דער קאָפּ פליט. ס'איז ביי זיי, זאָגט ער, אַזאַ מישפּחה פון פליענדיקע קעפּ...

אַזוי זאָגט פיניע און וויל נישט גיין אין קלייט אַריין. ער וועט בע־בער, זאָגט ער, זיצן איבער אַ ביכל, וועט ער מער הנאה האָבן. זיין שווער, דער מילנער, איז דערפאַר גוט ברוגז, נאָר ער מוז שווייגן. ער האָט מורא פאַרן איידעם, ער זאָל אים נישט באַשרייבן. און אויסער דעם איז די טאָכ־טער ביי אים זייער ציטעריק. זי איז אַ בת־יחידה[1], טייבל הייסט זי. זי איז אַ ביסל קאַסאָקע[2] אויף איין אויג, נאָר זייער אַ גוטע. מיין מאַמע זאָגט אויף איר, אַז זי איז אָן אַ גאַל. איך פאַרשטיי נישט, וואָס הייסט, זי איז אָן אַ גאַל? ווו איז אַהינגעקומען איר גאַל?... גאַנצע טעג זיצט זי אין קלייט, און פיניע איז אינדערהיים.

מיר קומען צו אים מיט מיין ברודער עליע כמעט אַלע טאָג. ער רעדט זיך אויס פאַר אונדז דאָס האַרץ. אַלעמאָל, ווען מיר קומען צו אים, זיפצט ער און קרעכצט און באַקלאָגט זיך אויף זיין פינצטערן מזל. ס'איז אים דאָ ענג, זאָגט ער, אַז ער ווערט דערוואָרגן. ער זאָל זיין, זאָגט ער, אין אַן אַנ־דער שטאָט, וואָלט געווען גאָר אַנדערש. ווען מע לאָזט אים, זאָגט ער, אַרויס פונדאַנען כאָטש אויף איין יאָר, קערט ער איבער די וועלט! אַזוי זאָגט ער צו מיין ברודער עליע. קיינעם פאַרגלייבט ער נישט אַזויפיל, וויפל מיין ברודער עליען. ער ווייזט אים בריוו, וואָס ער האָט. די בריוו זענען פון „גרויסע מענטשן". די „גרויסע מענטשן" שרייבן אים, אַז ער האָט אין זיך עפּעס אינעווייניק. פיניע זאָגט, אַז ער אַליין פילט אויך, אַז ער האָט אין זיך עפּעס אינעווייניק. איך קוק אויף אים און טראַכט מיר: וואָס האָט ער אַזעלעכס אין זיך אינעווייניק?...

## ב.

איינמאָל קומט צו אונדז פיניע און רופט אַרויס מיין ברודער עליע אויף אַ סוד. ווילאַנג אַ סוד, מוז איך וויסן. איך האָב ליב וויסן אַלע סודות. איך גיי זיך נאָך פון הינטן און הער זיך איין און כאַפּ ווערטער. פיניע רעדט און מיין ברודער עליע רעדט. איך גיב איך איבער זייערע ביידנס ווערטער:

פ י נ י ע: וואָס ווילן מיר דאָ אויסזיצן?

---

1 בת־יחידה (באַס-יעכידע) — איין־איינציקע טאָכטער.

2 קאַסאָקע — שיקלדיק, אַזאַ וואָס קוקט קרום.

ע ל י ע : איך זאג אויך דאס אייגענע.

פ י נ י ע : אַט האָב איך געלייענט, אַז איינער איז אַוועקגעפאָרן אַהין מיט פינף פינגער, אַ האַלב יאָר געשלאָפן אינדרויסן, געקערט די גאַסן פאַרן שטיקל ברויט.

ע ל י ע: נו, און היינט?

פ י נ י ע: אויף אונדז ביידן געזאָגט געוואָרן.

ע ל י ע: אַזוי?

פ י נ י ע: אַזוי! וואָס זשע? איך וועל דיך אָפּנאַרן? איך האָב שוין גערעדט מיט מיין טייבלען.

ע ל י ע: וואָס זשע זאָגט זי?

פ י נ י ע: וואָס זאָל זי זאָגן? זי פּאַרט.

ע ל י ע: זי פּאַרט? נו, און דער שווער?

פ י נ י ע: ווער הערט אים? אַז איך וועל אַוועקפאָרן אַליין, וועט אים זיין בעסער? ער זעט דאָך, אַז דער קאָפּ טראַגט מיך, איך קען דאָ נישט זיין!

ע ל י ע: און איך, מיינסטו, קען דאָ זיין?

פ י נ י ע : טאָ לאָמיר זיך אויפהייבן און לאָמיר פאָרן.

ע ל י ע: אויפהייבן און פאָרן? מיט וואָס?

פ י נ י ע: שיפסקאַרטן גיט מען דאָך אונדז אומזיסט, נאַרעלע.

ע ל י ע: וואָס הייסט אומזיסט?

פ י נ י ע: אויף אויסצאָלן. מיר וועלן זיי אָמאָל אויסצאָלן. דערוויי האָבן מיר זיי אומזיסט.

ע ל י ע: נו, און ביזן שיף? הוצאות[1] היינט בילעטן? באַן?

פ י נ י ע: וויפל בילעטן דאַרפן מיר דען האָבן, נאַרעלע?

ע ל י ע: אַדרבה, וויפל דאַרפן מיר האָבן?

פ י נ י ע: רעכן אויס: איך און מיין טייבל איז נישט צוויי. דו און דיין ברכה צוויי, איז נישט פיר.

ע ל י ע: און די מאַמע איז נישט פינף.

פ י נ י ע: איז פינף.

ע ל י ע: נו, און מאָטל?

פ י נ י ע: פאַר אים איז גענוג אַ האַלבער בילעט. און אפשר קיין האַלבער אויך נישט... מיר וועלן זאָגן, אַז ער איז נאָך נישט אַלט קיין דריי יאָר.

ע ל י ע: בישט משוגע?

— — — — — — — — — — — — — — —

---

1 הוצאות (הויצאָעס) — דאָ: רייזע-קאָסטן.

וואס זאל איך טאן? איך קאן זיך מער נישט איינהאלטן. פאר גרויס פרייד לאז איך ארויס א קוויטש. ביידע דרייען זיך אויס צו מיר.

— אוועק, דו שייגעץ! וואס פאר א מאדע זיך אונטערהערן, אז גרויסע רעדן צווישן זיך?

איך לאז זיך לויפן, שפרינג אונטער און פאטש זיך מיט ביידע הענט אין די ליטקעס פון די פיס. א קלייניקייט — איך פאר!... שיף! באן!... בי-לעטן!... א האלבער בילעט!... וואהין, אשטייגער, פארן מיר? איך וויל גאר-נישט וויסן וואהין. וואס גייט עס מיך אן וואהין? איך פאר — און גענוג! איר ווייסט, וואס איך וועל אייך זאגן? אז מיר זאלן זיך גוט אויסרעכענען, בין איך נאך קיינמאל אויף מיין לעבן אינערגעץ נישט געפארן. איך ווייס אפילו נישט דעם טעם, וואס הייסט דאס פארן? א ביסל האב איך יא פאר-זוכט דעם טעם. איך בין זיך דורכגעפארן אויף אונדזער שכנס ציג, האט דאס מיך געקאסט טייער. אחוץ וואס איך בין געפאלן און צעבלוטיקט די נאז, האב איך נאך געכאפט א פאר פעטש אויך. דערפאר רעכן איך נישט די נסיעה[1].

איך בין דעם גאנצן טאג א צעמישטער. איך האב פארלארן דעם אפע-טיט צום עסן. ביינאכט חלומט זיך מיר, אז איך פאר. נישט איך פאר, נאר איך פלי. איך האב פליגל, ווי א טויב, און איך פלי. לעבן זאל אונדזער חבר פיניע! ער באקומט אין מיינע אויגן טויזנט מאל מער חן[2] ווי פריער. איך זאל מיך נישט שעמען, וואלט איך אים געקושט און געהאלדזט. א טייערער פיניע דאס איז!

נו, האב איך אייך נישט געזאגט, אז ער האט אין זיך גוטע געדאנקען?

## שאַט, מיר פאָרן קיין אַמעריקע!

### ט.

שאט, מיר פארן קיין אמעריקע! ווו איז אמעריקע? — ווייס איך נישט. איך ווייס נאר, ס'איז ווייט, שרעקלעך ווייט. מע דארף אהין פארן און פארן, אזוי לאנג, ביז מע קומט. און אז מע קומט, איז פאראן א „קעסטל-גארטל״,

1 נסיעה (נעסיע) — רייזע.
2 באקומט חן (כיין) — געפעלן ווערן.

מיט מען אייך אויס נאַקעט און מען קוקט אייך אין די אויגן. האָט איר גע־זונטע אויגן, איז גוט. עלע נישט, פאָרט, זייט מוחל, צוריק! דאַכט זיך, איך האָב געזונטע אויגן. איינמאָל נאָר האָב איך געהאַט צו טאָן מיט די אויגן. יינגלעך פון דער שקאָלע האָבן מיך דערטאַפּט, אַוועקגעלייגט און אַריינגעבלאָזן מיר אין די אויגן אַריין טאַבעק. אַי, האָט זיי מיין ברודער עליע געפּאַטשט! איצט זענען ביי מיר די אויגן לויטער, ווי קרישטאָל. זעט איר, מיט מיין מאַמען איז נישט פריילעך. אַזוי זאָגט מיין ברודער עליע. ווער איז שולדיק? אַז טאָג ווי נאַכט וויינט זי. זינט דער טאַטע איז גע־שטאָרבן, האָט זי נאָך גאָר נישט אויפגעהערט צו וויינען.

— דו האָסט קיין רחמנות נישט אויף אונדז! איבער דיר וועלן מיר חלילה אַלע דאַרפן פאָרן צוריק!

אַזוי טענהט מיט איר מיין ברודער עליע, און זי ענטפערט אים:

— נאַריש קינד וואָס דו ביסט! איך וויין דען? עס וויינט זיך אַליין, אָן מיר! — אַזוי זאָגט די מאַמע, ווישט די אויגן אין פאַרטעך און נעמט זיך צום בעטגעוואַנט, צו די קישנס. מע דאַרף איבערשיטן אַלע קישנס. אַמע־ריקע איז אַ לאַנד, וווּ ס'איז נישטאָ קיין קישנס. וויאַזוי שלאָפן דאָרט די מענטשן — פאַרשטיי איך נישט. עס דאַרף זיי זיין האַרט צוקאָפּנס! מיין שוועגערין ברכה העלפט איר איבערשיטן די קישנס. זי איז פון דער נביעה נישט צופרידן. ס'איז איר שווער זיך שיידן מיט איר טאַטע־מאַמע. מע זאָל איר געוועזן, זאָגט זי, זאָגן פאַריאָרן אין דער צייט, אַז זי וועט פאָרן קיין אַמעריקע, וואָלט זי יענעם, זאָגט זי, אָנגעשפּיגן אַ פול פּנים.

— מע זאָל מיר געוועזן זאָגן פאַראַיאָרן, אַז איך וועל זיין אַן אַלמנה...

אַזוי זאָגט די מאַמע און צעוויינט זיך. דערזעט מיין ברודער עליע און מאַכט אַ געוואַלד:

— ווידעראַמאָל געוויינט? ווילסט אונדז, אפּנים, אַלעמען אומגליקלעך מאַכן!...

## ב.

אין שטוב איז שוין ביי אונדז פּוסט — אַ חורבה. דער אַלקער איז פול מיט פּעקלעך און בעטגעוואַנט. דאָס בעטגעוואַנט פאַרנעמט כמעט ביז צו דער סטעליע. אַז קיינער איז נישטאָ, דראַפּע איך זיך אַרויף אויף אַלע קישנס און גליטש זיך אַראָפּ, ווי אויף אַ שליטל. מיר דאַכט זיך, אַז אַזוי גוט, ווי איצט, איז מיר נאָך קיינמאָל נישט געווען. קאָכן קאָכט מען שוין נישט ביי אונדז פון לאַנג. מיין ברודער עליע ברענגט פון מאַרק אַ גע־

טריקנט פישל, עסן מיר דאָס מיט ציבעלע. פישל מיט ציבעלע — וואָס קאָן זיין נאָך בעסער פון דעם?

אונדזער חבר פיניע עסט אויך מיט אונדז. ער איז דאָך פון תמיד אָן א פארטראָגענער. דער קאָפּ פליט ביי אים. נאָר פון זינט מיר פאָרן קיין אמעריקע, איז ער גאָר צעדולט. אזוי זאָגט אויף אים די מאַמע. איין הויז איז ביי אים פאַרקאָטשעט אַרויף. איין זאָק אראָפּ. דאָס האַלדזטיכל שפאָרט שוין אָן־אויף יענער זייט. און קומט ער אריין צו אונדז אין שטוב, אזוי מוז ער כאַפּן אַ זעץ אין שטערן. אלעמאָל האָט צו אים די מאַמע די זעלבע טענה:

— דו זעסט דאָך, אז דו ביסט הויך געוואַקסן, בייגט מען זיך איין א ביסל.

— ער האָט אַ נידעריקע ראיה, מאַמע!

אזוי פאַרענטפערט אים מיין ברודער עליע, און ביידע גייען זיי מאַכן אַן עק מיט אונדזער האַלבער דירה. מע דאַרף זיך צעשרייבן. מיר האָבן אונדזער האַלבע דירה שוין לאַנג פאַרקויפט. אונדזער האַלבע דירה האָט אײַנגעקויפט זיליע דער שניידער. אַזוי גיך קויפט אַ שניידער אַ דירה! א גרויסער נגיד אָט דער זיליע דער שניידער! פריער איז ער דריי מאָל אין טאָג געקומען אָנקוקן אונדזער האַלבע דירה איינער אליין. געשמעקט די ווענט, געטאַפּט דעם קוימען, געקראַבן אויפן בוידעם, באַטראַכט דעם דאַך.

שפּעטער האָט זיליע דער שניידער אָנגעהויבן פירן מבינים[1] אָנקוקן די דירה. צומייסטן שניידערס. יעדער האָט געפונען אויף אונדזער האַלבער דירה אַן אַנדערן חסרון. ביז ס'איז געבליבן, מע זאָל אראָפּברענגען פיניעס טאַטן, הערש־לייב דעם מעכאַניק. הערש־לייב דער מעכאַניק איז א מבין אויף דירות. ער איז אַן ערלעכער מענטש. אויף אים קאָן מען זיך פאַרלאָזן. הערש־לייב טוט צוליב. ער באַטראַכט אונדזער האַלבע דירה פון אלע זייטן. ער הייבט אויף דעם קאָפּ ווי הויך ער איז, פאַרקאַטשעט דאָס היטל, טוט זיך א קראַץ אונטערן האַלדז און א זאָג:

— אָט די דירה קאָן שטיין, בלי גוזמא[2], א יאָר הונדערט, אייב נישט מער.

כאַפּט זיך אַרויס איינער א שניידער פון זיליע דעם שניידערס מבינים:

1 מבינים (מעווינים) — זאכקענער, ספּעציאַליסטן.
2 בלי גוזמא (בעלי גוזמע) — נישט זאָגנדיק צו פיל.

— געזוים! אַבי מען זאָל זי נאָר איבערשוטן מיט ציגל, אונטערשפּאַרן מיט אַ פּאָר גוטע אַבאַפּאַלקעס[1], אַריינכמאַליען פיר נייע ווענט און אַרויפ-צימבלען אַ בלעכענעם דאַך, וועט זי שטיין, און שטיין, אם ירצה השם, ביז משיח וועט קומען![2]

מע זאָל געוועזן הערש-לייב דעם מעכאַניק, אַשטייגער, אויסשעלטן אין טאַטן אַריין, אָדער אָפּגיסן מיט אַ טאָפּ זודיק וואַסער, וואָלט ער נישט באַדאַרפט ווערן מער אין כעס. ער האָט נאָר געוואָלט וויסן איין זאַך: ווי האָט דאָס אין זיך אַ ייִד אַ פּאַרך, אַ שניידער, אַ גנב, אַ פּאַלגע[3], אַזאַ פּאַטעפּאַלנאַסטע[4] צו רעדן מיט אים, מיט הערש-לייב דעם מעכאַניק, אַזעל-כע ווערטער, מיט אַזעלכע רייד, מיט אַזעלכע דיבורים, מיט אַזאַ שפּראַך און מיט אַזאַ לשון?!!

איך בין אומזיסט געווען פריילעך: איך האָב געמיינט, אָט-אָט פּליען פּעטש. צום סוף האָבן זיך אַריינגעלייגט מענטשן (אומעטום וואַקסן אויס „מענטשן"!), און מע האָט זיי צענומען, און מע האָט געמאַכט שלום, און מע האָט זיך אָנגעהויבן דינגען, און מע האָט זיך אויסגעגלייכט מיטן פּרייז, און מע האָט געשיקט נאָך בראָנפן, און מע האָט געטרונקען לחיים. מע האָט אונדז געווינטשעוועט, מיר זאָלן פאָרן געזונט, און קומען געזונט, און מאַכן גוטע געשעפטן, און פאַרדינען אַ סך געלט.

ג.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע התונה — געזעגענען זיך. פון שטוב צו שטוב גייען מיר זיך געזעגענען. מיר זיינען שוין געווען ביי אונדזערע אַלע קרובים, שכנים און באַקאַנטע. ביי אונדזער מחותן, יונה דעם בעקער, האָבן מיר פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג. אונדזערע מחותנים האָבן געמאַכט פאַר אונדז אַ וואַרמעס, צונויפגערופן די משפחה, געשטעלט ביר צום טיש. מיך האָט מען טוועקגעזעצט באַזונדער מיט מיין שוועגערינס שוועסטערל, אַלטע הייסט זי. איך האָב שוין אַמאָל דערציילט פון איר. זי איז עלטער פון מיר מיט אַ יאָר און טראָגט צוויי צעפּלעך, צונויפגעדרייט פון אונטן

1 אַבאַפּאַלקעס — זייטיקע אָנשפּאַר-קלעצער.
2 אם ירצה השם (מירצעשעם) ביז משיח (מעשיאַך) וועט קומען — געמיינט: אויף אייביק.
3 פּאַלגע — שפּאָטוואָרט אויף אַ שניידער.
4 אַ פּאַטעפּאַלנאַסט — אַן אומדערהערטע זאַך, אַ מאָדנע איינפאַל.

ווי אַ בייגל. מע האָט זי מיר אַמאָל גערעדט פאַר אַ כּלה. פון דעמאָלט אָן, אַז מע זעט אונדז ביידן, רופט מען אונדז: „די חתן־כּלה". פונדעסטוועגן, שעמען מיר זיך נישט רעדן צווישן זיך. זי פרעגט ביי מיר, אויב איך וועל נאָך איר בענקען? — געוויס וועל איך נאָך איר בענקען! נאָכדעם פרעגט זי מיך, אויב איך וועל איר שרייבן בריוולעך פון אַמעריקע? — געוויס וועל איך שרייבן בריוולעך פון אַמעריקע!

— וויאַזוי וועסטו שרייבן? דו קענסט דען שרייבן?

— אַ טייערע מציאה אין אַמעריקע זיך אויסלערנען שרייבן! — זאָג איך און האַלט די הענט אין די קעשענעס. אַלטע קוקט אויף מיר און שמייכלט. איך ווייס, וואָס זי שמייכלט. זי מאַכט זיך האַרץ. זי איז מיר מקנא, וואָס איך פאָר און זי נישט. אַלע זענען מיר מקנא, אַפילו יאָסיע דעם נגידס יינגל, הענעך מיטן אייגל, זאָל מיך קאָנען דערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער! ער שטעלט מיך אָפּ און מאַכט צו מיר מיטן אייגל:

— הער נאָר, דו, דו פאָרסט קיין אַמעריקע?

— יאָ, איך פאָר קיין אַמעריקע.

— וואָס וועסטו דאָרט טאָן? גיין איבער די הייזער?

זיין גליק, וואָס מיין ברודער עליע איז דערביי נישטאָ. ער וואָלט אים געגעבן אַ „גיין איבער די הייזער"!... איך וויל זיך מיט אים נישט אָנהייבן, מיט אַזאַ לאָבוז. איך ווייז אים נאָר אַ פייג און לויף אַוועק צו אונדזער שכנה פעסיע זיך געזעגענען מיט איר כאַליאַסטרע. איך האָב אייך שוין אַמאָל דערציילט פון זיי. אַכט שטיק, איינס און איינס. אַלע אַכט רינגלען מיך אַרום. זיי פרעגן מיך, צי בין איך צופרידן, וואָס איך פאָר קיין אַמעריקע? אַ שיינע מעשה, נאָר אַ קורצע! וואָס טויג מיר גרויס — זיי זענען מיר גוט מקנא. מער פון אַלע איז מיר מקנא הערשל. אַט דער, וואָס מע רופט אים „וושתי", דערפאַר וואָס ער האָט אַ גוליע אויפן שטערן. ער לאָזט פון מיר קיין אויג נישט אַראָפּ. ער זיפצט און זאָגט צו מיר: „דו וועסט זיך עס אָנזען אַ וועלט!"

יאָ, איך וועל זיך אָנזען אַ וועלט! ווי דערלעבט מען שוין!...

## ד.

שוין געקומען לייזער מיט די „אַדלערס". דריי ברענענדיקע פערד! זיי קאָנען נישט איינשטיין אויף איין אָרט. אָדער זיי טופּען מיט די פיס, אָדער זיי פאָרשקען מיט די נאָזלעכער און באַשפּריצן מיר דאָס פּנים. איך ווייס נישט, וואָס איך זאָל טאָן פריער: צי זאָל איך קוקן אויף די פערד, צי איך

זאָל העלפֿן טראָגן די פּעקלעך מיט די קישנס און װאָגן אַרײַן? איך קאָן באַשטיין בײדע זאַכן: איך שטיי בײַ די פֿערד און זע, װי מע טראָגט די פּעקלעך מיט די קישנס. אַ גאַנצער באַרג מיט בעטגעװאַנט. שוין צײַט אײַנצוזעצן זיך און פֿאָרן. מיר האָבן פֿינף און פֿערציק װיאָרסט צו דער באַן. אַלע זײַנען שוין דאָ.

דער עולם הייבט אָן זאָגן, מע זאָל זיך געזעגענען. אַלע הייבן אָן זיך גרייטן צום געזעגענען. מע טוט זיך אַ כאַפּ — נישטאָ די מאַמע! װוּ איז די מאַמע? קיינער װייסט נישט, װוּ איז די מאַמע! מײַן ברודער עליע איז אַבסער זיך. אונדזער חבֿר פּיניע האָט אײַנגאַנצן פֿאַרלוירן דאָס האַלדז־טיכל. לייזער טרײַבט האַלדז־אין־נאַקן. ער זאָגט, אַז מיר קאָנען פֿאַרשפּעטיקן די באַן.

שאַט! אָט גייט די מאַמע. דאָס פּנים איז איר רויט. די אויגן פֿאַר־שװאָלן. מײַן ברודער עליע פֿאַלט צו צו איר:

— װאָס איז מיט דיר? װוּ ביסטו געװען?

— אויפֿן הייליקן אָרט, זיך געזעגענען מיטן טאַטן...

מײַן ברודער עליע קערעװעט זיך אָפּ אין אַ זײַט. אַלע בלײַבן שטיין אָן לשון. װינט מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע, איז עס דאָס ערשטע מאָל, װאָס דער טאַטע קומט מיר אויפֿן זינען. עס טוט מיר אַ צופּ בײַם האַרצן, איך טראַכט מיר: אַלע פֿאָרן קיין אַמעריקע, און דער טאַטע נעבעך בלײַבט דאָ. אויפֿן הייליקן אָרט. אײנער אַליין...

לאַנג טראַכטן לאָזט מען מיך נישט. מע טוט אויף מיר אַ הוק און מע הייסט מיך קריכן אין װאָגן. װיאַזוי קאָן איך קריכן אויף אַזאַ הייכן װאָגן מיט אַזאַ באַרג מיט בעטגעװאַנט? ס'איז דאָ אַן עצה: לייזער שטעלט מיך אונטער זײַנע ברייטע פּלייצעס. פּלוצעם װערט אַ קװיטשערײַ מיט אַ געװיין. מער פֿון אַלע װיינט די מאַמע. זי פֿאַלט אונדזער שכנה פּעסיען אויפֿן האַלדז און זאָגט: „איר װעט מיר געװען אַ שװעסטער. געטרײַער פֿון אַ שװעסטער!"... אונדזער שכנה פּעסיע װיינט נישט, נאָר איר גראָבער גידער טרייסלט זיך, און גרויסע טרערן, װי באָב, קײַקלען זיך איבער אירע פֿעטע גלאַנצנדיקע באַקן. אַלע האָבן זיך שוין צעקושט, נאָר פּיניע נאָך נישט. זען פּיניען קושן זיך — דאַרף מען נישט קיין טעאַטער. מחמת ער האָט אַ נידעריקע ראיה, טרעפֿט ער נישט, װוּ מע דאַרף. אָדער ער קלאַפּט אין באָרד אַרײַן, אָדער אין שפּיץ נאָז, אָדער ער טוט זיך גאָר אַ בוקצע אין שטערן. דערצו האָט ער אַ טבֿע, אַז ער גייט, שפּרינגט ער אונטער און פֿאַרטשעפּעט זיך בײַ זײַנע אייגענע פֿיס. איך זאָג אײַך, פֿון פּיניען קאָן מען בלײַבן אָן בויך לאַכנדיק.

דאַנקען גאָט, מיר זיצן שוין אין וואָגן. דאָס הייסט, איך האָב געוואָלט זאָגן: אויפן וואָגן. אויבנאָן, אויף די קישנס און צווישן די קישנס, זיצן: די מאַמע, ברכה און טייבל, מיין ברודער עלי׳ע און אונדזער חבר פּיניע; איך מיט לייזערן — אויף דער קעלניע. די מאַמע וויל אַפילו, איך זאָל זיך איינקוועטשן ביי איר צופוסנס. זאָגט אָבער מיין ברודער עלי׳ע, אַז אויף דער קעלניע וועט מיר זיין בעסער. געוויס וועט מיר זיין בעסער! אויף דער קעלניע זע איך די גאַנצע וועלט, און די גאַנצע וועלט זעט מיך. לייזער נעמט זיך צו דער בייטש. דער עולם געזעגנט זיך נאָך. די ווייבער וויינען.

— זייט געזונט!

— פאָרט געזונט!

— שרייבט אונדז פון אייער געזונט!

— זייט מצליח! [1]

— פאַרגעסט אונדז נישט!

— שרייבט אַלע וואָך! למען השם יעדע וואָך אַ בריוו!

— לאָזט גריסן משהן, מיט באַסיען, מאירן, מיט זלאַטען, מיט חנה־פּערלען, מיט שרה־רחלען, מיט זייערע קינדער.

— גאָר פריינדלעך! זייט געזונט! זייט געזונט!

אַזוי שרייען מיר אַלע פונעם וואָגן אַרויס, און איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז מיר פאָרן שוין. לייזער האָט געשמיקט אַלע דריי אַדלערס צו עטלעכע שמיץ. איינעם האָט ער מכבד געווען מיטן שטעקן אַהין. די רעדער קאַטשען זיך. מיר שאָקלען זיך און הוצקען זיך. איך שפּרינג אונטער אויף דער קעלניע און פאַל שיר נישט אַראָפּ פון פרייד. עס קיצלט מיך, עס גענדזלט מיך אין האַלדז. עס גלוסט זיך מיר זינגען. מיר פאָרן, מיר פאָרן, מיר פאָרן קיין אַמעריקע!

## מיר גנבענען די גרענעץ

### א.

פאָרן מיט דער באַן איז אַ גן־עדן! מיט דער פור איז אויך נישט שלעכט, נאָר סע טרייסלט, און די זייטן טוען נאָבדעם וויי חבנות. לייזערס פערד פליען טאַקע ווי די אַדלערס, פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך גענוג גע־

---

1 זייט מצליח (מאַצליאַך) — זייט גליקלעך.



מיר פֿאָרן, מיר פֿאָרן!

שלעפּט, ביז מיר זיינען געקומען צו דער סטאַנציע. און אַז מיר זיינען געקומען צו דער סטאַנציע, האָבן מיר נישט געקאָנט אַרויס. מיר איז געווען גרינגער פון אַלעמען. איך בין דאָך געזעסן מיט לייזערן אויף דער קעלניע. האַרט איז טאַקע געווען, און די ביינער האָבן טאַקע גוט ווי געטאָן. דערפאַר האָט מען אָבער געקאָנט אַראָפּשפּרינגען אין איין מינוט. ערגער איז געווען די ווייבער. זיי זיינען אַריין און פאַרהרוזנעט געוואָרן[1]. מע האָט פריער באַדאַרפט אַרויסוואַרפן פונעם וואָגן אַלע פּעקלעך מיטן גאַנצן בעט-געוואַנט און ערשט נאָכדעם שלעפּן די ווייבער איינציקווייז. און דאָס האָט אַלין געטאָן לייזער. ער איז טאַקע אַ בייזער ייד, ער איז אָבער אַן ערלע-כער, אַ געטרייער באַלעגאַלע. אַן עבירה, וואָס ער האָט אונדז אָפּגעוואָרפן מיט די פּעקלעך און מיטן בעטגעוואַנט אויף דער סטאַנציע פון דער באַן, און אַליין איז ער אַוועק זוכן פאַרשווינען אויף צוריק. מיר זיינען געבליבן אַן אים עלנט, ווי אויפן וואַסער. ערשטנס, האָט אונדז דער גוי פון דער באַן אָנגעטאָן צרות. ער האָט זיך געטשעפּעט צו אונדז פאַר די פּעקלעך. און נישט אַזוי פאַר די פּעקלעך, ווי פאַרן בעטגעוואַנט. זיין עסקי[3], וואָס מיר פירן אַ סך קישנס. די מאַמע רעדט צו אים מיט גוטן, זי זאָגט אים, אַז מיר פאָרן קיין אַמעריקע...

— מע דאַרף מיטן ערלי[4] שלאָגן בלאָט, אים עפּעס נתנען אויף דער יד[5]...

אַזוי זאָגט מיין ברודער עליע צו אונדזער חבר פּיניע. אונדזער חבר פּיניע איז אונדזער פירער, אונדזער קאָפּ. ער קאָן גוט רעדן רוסיש. אַ חסרון, וואָס ער איז אַ ביסל אַ צו היציקער. מיין ברודער עליע איז אויך אַ גוטער כעסן, אָבער נישט אַזוי היציק, ווי פּיניע. באַלד צינדט ער זיך אָן, ווי אַ פייער, און זידלט זיך. ער גייט ☛ צום גוי און טוט מיט אים אַ שמועס אויף רוסיש.

כך הוהי[7]. זיי האָבן זיך טאַקע איבערגעבעטן. פּיניע האָט נישט אויפגעהערט צו שיטן מיטן רוסיש. דער ערל האָט נישט אויפגעהערט צו שעלטן

---

1 פאַרהרוזנעט געוואָרן — פאַרזונקען געוואָרן.

3 עסק (אייסעק) דאָ: זאַך, געשעפט.

4 ערל (אָרל) — דאָ געמיינט: קריסט.

5 נתנען (נאַסענען) אויף דער יד (יאַד) — געבן אין האַנט אריין, אונטערקויפן.

7 כך הוה (קאַך האַווע) — אַזוי איז טאַקע געווען.

און האָט איבערגעטראָגן אַלע פּעקלעך מיט אַלע קישנס אין אַ גרויסער שטוב מיט הויכע פענצטער, וואָס מע רופט דאָס „וואָקזאַל". און ערשט דאָ הייבט זיך אָן די ריכטיקע התחלה. וואָס איז שוין ווייטער? דער גוי זאָגט, אַז מע וועט אונדז נישט אַריינלאָזן אין וואַגאָן מיט אַזויפיל קישנס און מיט אַזויפיל שמאַטעס (דאָס מיינט ער, אַפּנים, די קאָלדרעס: אַ ביסל צעריסן דער אונטערשלאַק, זעט זיך אַרויס די וואַטע, הייסט דאָס שוין ביי אים שמאַטעס!) עס בלייבט, מע זאָל גיין צום „נאַטשאַלניק". ווער זאָל גיין? געוויינטלעך, פיניע!

פיניע גייט מיטן גוי צום „נאַטשאַלניק". איך גיי זיי נאָך. מיטן „נאַטשאַלניק" שטעלט זיך אויך פיניע איסטענהן שוין גאָר מיט אַן אַנדער לשון. ער בייזערט זיך שוין נישט אַזוי שטאַרק, נאָר ער רעדט און מאַכט מיט די הענט. ער זאָגט אים עפּעס מאָדנע ווערטער, וואָס איך האָב זיי קיינמאָל נישט געהערט: „קאָלאָמבוס"... „ציוויליזאַציע"... די איבעריקע ווערטער האָב איך שוין פאַרגעסן. דער „נאַטשאַלניק" האָט אים גוט אויסגעהערט, אָנגעקוקט און אָפּגעשיקט. אַפּנים, אַז פיניע האָט אים גוט דערלאַנגט! פונדעסטוועגן האָט דאָס אויך נישט געהאָלפן. מע האָט געמוזט איבערגעבן דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט אין באַגאַזש און אַרויסנעמען אַ קוויטאַנציע. די מאַמע איז געווען איבער זיך: אויף וואָס וועלן מיר שלאָפן?

ב.

די מאַמע האָט זיך אומויסט געזאָרגט: אויף וואָס מיר וועלן שלאָפן? איך בין אייך שוין מוחל דאָס שלאָפן. איך וואָלט אַ בעלן געווען, ס'זאָל זיין באַטש וווּ צו זיצן. ווי אויף צו להכעיס, איז אין וואַגאָן אַזוי ענג, אַז מע קאָן דערשטיקט ווערן.

אַחוץ אונדז פאָרן נאָך אַ סך פאַרשיידענע, יידן און קריסטן, און מע שלאָגט זיך פאַר די ערטער. איבערן בעטגעוואַנט האָבן מיר פאַרשפּעטיקט אַלע בעסטע ערטער. מיר האָבן קוים באַזעצט די ווייבער מיט די פּעקלעך אויף דער ערד. די מאַמע איז אין איין זייט וואַגאָן, ברכה און טייבל אין דער אַנדערער זייט וואַגאָן. אַז זיי ווילן רעדן, מוזן זיי שרייען הויך איבערן גאַנצן וואַגאָן. לאַכט מען פון זיי. מיין ברודער עליע און אונדזער חבר פיניע זענען געבליבן הענגען, ווי אינדערלופטן, נישט אַהין, נישט אַהער. פיניע איז בלינה, כאַפּט ער אַלע מאָל אַ קלאַפּ אין שטערן. און איך? פאַר מיר זאָרגט איר נישט. מיר איז גוט. מיר איז אויסגעצייכנט. מע קוועטשט מיך טאַקע פון אַלע זייטן. איך שטיי אָבער ביי אַ פענצטער. דאָס, וואָס איך

יע, האָט איך געזען קיינמאָל נישט געזען: פֿאַר מײַנע אויגן פֿליען שטיבער, וואַרסטן, ביימער, מענטשן, פֿעלדער, וועלדער — ס'איז נישט צו באַשרײַבן! און וויאַזוי פֿליט די באַן! און וויאַזוי קלאַפּן די רעדער! וויאַזוי טראַסקעט דאָס! וויאַזוי פּײַפֿט דאָס! וויאַזוי קוויטשעט דאָס! די מאַמע האָט מורא, איך זאָל נישט אַרויספֿאַלן דורכן פֿענצטער, שרייט זי אַלע מינוט אויף אַ קול: „מאָטל! מאָטל?" זי וויל, איך זאָל עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן. מיר פֿירן מיט זיך פֿון כּל־טוב: רעטעך, און ציבעלעס, און קנאָבל, און גרינע אוגערקעס, און האַרטע אייער, אויף יעדן אײַנציקן אַן איי. איך האָב שוין לאַנג נישט אַזאַ הנאה געהאַט פֿונעם עסן.

עס לויפֿן אַף אַזוי עטלעכע סטאַנציעס. אויף יעדער סטאַנציע ליידיקט אויס דער וואַגאָן אַ פּאָר פּאַרשוינדלעך. עס ווערט אַלעמאָל גראַמער. אונדזערע ווײַבער זיצן שוין, ווי די פּריצות, אויף די בענק מיט זייערע פּעקלעך. מײַן ברודער עליע און אונדזער חבר פּיניע האָבן זיך מחיה[1] געווען. זיי האָבן די בעסטע ערטער.

פּיניע רעדט מיט די ייִדן. ער פֿרעגט זיי, וווּהין זיי פֿאָרן. אַ סך פֿון זיי פֿאָרן קיין אַמעריקע. דערהערט, אַז קיין אַמעריקע, ווערט אויך אונדז אַ גדולה[2].

— סטייטש, וואָס זשע האָט איר געשוויגן ביז אַהער? מיר פֿאָרן דאָך אויך קיין אַמעריקע!

אַזוי זאָגט זיי פּיניע, און מיר ווערן גיך באַקאַנט. מיר ווייסן אַלע, פֿון וואַנען אַ שטאָט איטלעכער פֿאָרט און צו וועמען.

— איר קיין ניו־יאָרק? מיר קיין פֿילאַדעלפֿיע!

— וואָס איז דאָס פֿילאַדעלפֿיע?

— אויך אַ שטאָט, ווי ניו־יאָרק.

— פֿאַראַליע, האַלט זיך אײַן! פֿילאַדעלפֿיע קעגן ניו־יאָרק איז אַזוי ווי אײַשישאָק קעגן ווילנע, דראָשנע קעגן אָדעס, אַסטראָצק קעגן וואַרשע...

— טעטעלעטע! איר זענט דאָך עפּעס איבערגעגייען אַ וועלט!

לאָמיך עס פֿאַרמאָגן! אויב איר ווילט, וועל איך אײַך איבערעכענען אַלע שטעט, וואָס איך בין דאָרט געווען...

— דאָס לאָזט איבער אויף שבת. זאָגט בעסער, ייִדן, וואָס טוט איר מיט דער גרענעץ?

— איר ווייסט טאַקע, וואָס מיר טוען, דאָס וואָס אַלע טוען.

---

1 מחיה (חעכאַיע) געווען — זיך דערקוויקט, דערפֿרייט.
2 גדולה (געדולע) — פֿרייד.

דאָ רוקן זיך צונויף אַלע יידן אינאיינעם, און מע שמועסט וועגן גנבֿענען[1] די גרענעץ. איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס הייסט דאָס „גנבֿענען די גרענעץ"? מיר זיינען דען גנבֿים?...

ג.

— שאַט! מיר זיינען שוין ביי דער גרענעץ!

די „גרענעץ", האָב איך געמיינט, איז מיט הערנער, צום סוף — גאָר־נישט: די אייגענע הייזער, די אייגענע יידן מיט די אייגענע גויים, וואָס ביי אונדז. אַפֿילו אַ מאַרק מיט קלייטן מיט שטעלעכלעך — אַלצדינג אַזוי ווי ביי אונדז. מיין שוועגערין ברכה און אונדזער חבר פּיניעס ווייב פּייבל זענען געגאַנגען אין מאַרק איינקויפֿן. איך וויל אויך מיט זיי גיין — לאָזט מיך די מאַמע נישט אָפּ פֿון זיך אויף קיין איין מינוט. זי האָט מורא, מע זאָל מיך נישט אַוועקגנבֿענען סאַמע ביי דער גרענעץ. מיין ברודער עליע און אונדזער חבר פּיניע זיינען נישטאָ. זיי דרייען זיך אַרום מיט פֿרעמדע יידן, וואָס איך קען זיי נישט. די מאַמע זאָגט, אַז דאָס זיינען אַגענטן, די אַגענטן וועלן מיט אונדז גנבֿענען די גרענעץ. איינער זעט טאַקע אויס ווי אַ גנבֿ: אַ גרינע קאַפּאָטע, אַ ווייסער שירעם, און אויגן גנבֿהשע[2].

דער אַנדערער איז דווקא אַ פֿיינער מענטש מיט אַ קאַפּעליוש. און אַ יידענע דרייט זיך אויך אַרום אין קאָן. די יידענע ווייזט אויס אַ פֿרומע, אַן ערלעכע. זי טראָגט אַ שייטל אויפֿן קאָפּ און רעדט מיט גאָט. זי פֿרעגט דער מאַמען, ווו וועט זי בענטשן ליכט, אויב מיר האַלטן דאָ שבת? די מאַמע זאָגט, אַז מיר האַלטן דאָ נישט קיין שבת. שבת וועלן מיר שוין, זאָגט זי, מיט גאָטס הילף זיין אויף יענער זייט. די יידענע מאַכט אַ פֿרום פּנים. זי האָט מורא, זאָגט זי, אַז מע פֿירט אונדז אין באָד אַריין. די אַגענטן, זאָגט זי, וואָס מיר האַנדלען מיט זיי, זיינען פּראָסטע גנבֿים. זיי וועלן אויסנאַרן ביי אונדז דאָס געלט, זאָגט זי, און וועלן אונדז אַריינפֿירן אין אַ בלאָטע אַריין. אויב מיר ווילן, זאָגט זי, גנבֿענען די גרענעץ, זאָלן מיר גנבֿענען מיט איר, וועט אונדז זיין, זאָגט זי, אַז וויל און גוט!... אַזוי? איז זי, הייסט עס, אויך אַ גנבֿטע? היינט וואָס טראָגט זי אַ שייטל און רעדט מיט גאָט?...

שוין געקומען מיין ברודער עליע מיט אונדזער חבר פּיניע. און מיר האָבן גענומען האַנדלען מיט דער יידענע. די יידענע האָט גענומען אַן אויפֿ־

1 גנבֿנען (גאַנוועוען).
2 גנבֿהשע (גענייוושע) — דאָ געמיינט: ווי פֿון אַ גנבֿ.

מאָל. דער טאַטע האָט געוואָלט בלייבן דאָ, האָט מען נישט געקאָנט. די גאַנצע שיפסקאַרטע וואָלט געגאַנגען פאַרלאָרן. איז געבליבן, אַז זיי פאָרן אַוועק קיין אַמעריקע, און זי, גאָלדעלע, בלייבט איבער דאָ, ביז עס וועלן זיך אויסשטיין די „טראַכאָמעס" פון אירע אויגן... און אַזוי שוין באַלד אַ יאָר, אַז זי היילט זיך און האָט זיך נאָך נישט אויסגעהיילט. דאָס פריילן זייטשיק זאָגט, אַז דערפאַר היילן זיך נישט אויס אירע אויגן, ווייל זי וויינט בסדר. נאָר זי, גאָלדעלע, זאָגט, אַז איבער אַן אַנדער זאַך היילן זיך איר נישט אויס די אויגן. איבערן בלווישטיין! אַלעמאָל ווען זי קומט צום דאָקטאָר, שמירט ער איר די אויגן, זאָגט זי, מיטן זעלבן בלווישטיין, וואָס ער שמירט אַלע איבעריקע קראַנקע. ווען זי, גאָלדעלע, פאַרמאַגט צו קויפן אַן אייגענעם בלווישטיין, וואָלט זי זיך שוין לאַנג, זאָגט זי, אויסגעהיילט.

— נו, און דיינע טאַטע־מאַמע? — פרעג איך זי.

— זיינען אין אַמעריקע. זיי מאַכן דאָרט אַ לעבן. איך האָב פון זיי בריוו. אַלע חודש כמעט האָב איך פון זיי אַ בריוו. נאַ זע, קענסט לייענען? לייען מיר!

און זי נעמט אַרויס פון בוזעם אַ גאַנצן פּאַק מיט בריוולעך און גיט מיר, איך זאָל זיי איר לייענען הויך אויף אַ קול. איך וואָלט דאָס איר געווים געטאָן. קען איך אָבער נישט לייענען קיין געשריבנס. ס'זאָל זיין געדרוקט, וואָלט איך עס געלייענט. לאַכט זי פון מיר און זאָגט, אַז אַ יינגל איז נישט קיין מיידל. אַ יינגל דאַרף קענען אַלן אויף דער וועלט! איך האָב מורא, אַז זי איז גערעכט. אוי, וואָלט איך אַ בעלן זיין קענען לייענען געשריבנס! אוי, בין איך מקנא מיין חבר מאָטל דעם גרויסן (איך האָב אייך שוין דערציילט פון אים), וואָס ער קען לייענען און שרייבן! האָט אים גאָלדעלע געגעבן איבערצולייענען די בריוולעך, וואָס מע שרייבט איר פון אַמעריקע. האָט זיי מאָטל דער גרויסער געלייענט ווי אַ וואַסער. די בריוולעך זיינען כמעט אַלע געשריבן מיט איין לשון און מיט די זעלביקע ווערטער:

„טייערע גאָלדעלע, האַרציקע גאָלדעלע, לעבן זאָלסטו! אַז מיר דערמאָנען זיך דאָ, אין דעם אַמעריקע, אַז אונדזער קינד האָט מען אַרויסגעריסן פון אונדזערע הענט און דו וואַלגערסט זיך דאָרט אין דער פרעמד צווישן אומבאַקאַנטע מענטשן, גייט אונדז נישט איין דאָ דער ביסן. טאָג ווי נאַכט טוען מיר קלאָגן און וויינען אויף אונדזער ליכטיקן שטערן, וואָס איז צוגענומען געוואָרן פון אונדזערע אויגן..." און אַזוי ווייטער.

מאָטל דער גרויסער לייענט און גאָלדעלע וויינט, ווישט זיך די אויגן. דערזעט דאָס פריילן זייטשיק, הייבט זי אָן זיך בייזערן אויף אונדז, וואָס מיר מאַכן זי וויינענדיק. און צו גאָלדעלען זאָגט זי, אַז זי האָט

קיין התמנות נישט איז זיך אליין, זי מאכט זיך א תל[1] פון יעם איבעריקן ביסל אויגן. ענטפערט איר דערויף גאלדעלע מיט א געלעכטער, און טרערן גיסן זיך איר פון די אויגן:

א תל פון די אויגן מאכט מיר דער דאקטאר מיט זיין ברילשטיין, ערגער ווי איך מיט מיין וויינען...

מיר געזעגנען זיך מיט גאלדעלען, און איך זאג איר צו, אז מארגן אין דער צייט וועלן מיר זיך דא ווידערזאמען זיך, און מיר ביידע, מאטל דער קליינער און מאטל דער גרעסער, לאזן זיך גיין שפאצירן איבער אנטוויערפן.

ב.

מיר, דאס הייסט, איך מאטל דער קליינער און מיין חבר מאטל דער גרעסער, זיינען נישט אליין. מיר האבן דא נאך א חבר. ער איז א יונגל פון א יאר דרייצן און הייסט מענדל. ער איז אויך פארבליבן אין אנטוויערפן, פארנדיק קיין אמעריקע. נישט איבער די אויגן, נאר איבער אן אנדער זאך. אים האט מען פארלאזן אויפן וועג, ערגעץ אין דייטשלאנד. א גאנצן וועג, דערציילט ער, האבן זיי זיך דערהאלטן די נשמה נאר מיט הערינג. דאס איז אים געבליבן אויפן הארץ. האט ער זיך אראפגעכאפט אויף א סטאנציע באַפן א טרונק וואסער און איז געבליבן שטעקן אן א בילעט, אן א קאפעקע געלט און אן א העמד אויפן לייב. און ווייל ער האט נישט געקענט זייער שפראך, האט ער זיך פארשטעלט פאר א שטומען. האט מען אים איבערגעפירט, ווי די וועלט האט אן עק, ביז ער האט דערזען א פארטיע עמיגראנטן, יידן. איז ער צוגעגאנגען צו זיי און האט זיי דערציילט די גאנצע מעשה. האבן זיי אויף אים רחמנות געהאט און האבן אים גענומען מיט זיך און געבראכט צו פירן אהער, קיין אנטוויערפן. דא האט ער זיך דערשלאגן צו דער „עזרה". האט די „עזרה" אוועקגעשריבן א בריוו קיין אמעריקע, טאמער וועט מען אויפזוכן זיינע עלטערן, ווארט ער דאס אויף אן ענטפער און אויף א שיפס-קארטע. דאס הייסט, אויף א האלבער שיפסקארטע, מחמת ער איז נאך א קליינער, דאס הייסט, ער איז נישט אזוי קליין, ווי ער האלט זיך קליין. ס'איז א סברה, אז ער איז שוין בר-מצוה, באַטש קיין תפילין לייגט

---

1 מאכן א תל (טעל) — איבערפירן, קאליע מאכן.

ער נישט. ער האָט נישט. זיינען געוואָר געוואָרן עפּיטראָפּסן, אַז מענדל איז א בר-מצוה-בחור און האָט נישט קיין תפילין, איז געווען א געשריי: „פאַרוואָס קויפט מען אים נישט קיין תפילין?" זאָגט מענדל: „פאַרוואָס קויפט מען מיר נישט קיין שטיוול?"...

מיר אַלע דריי, איך און מאָטל דער גרינבער און מענדל, זיינען געוואָרן חברים. גאַנצע טעג גייען מיר אַרום איבער דער שטאָט. דאָרט, אין בראָד, אין קראָקע מיט לעמבערג, אָדער אין יאַן, פלעגט מיך די מאַמע מורא האָבן אָפּלאָזן פון זיך א טראָט. דאָ, אין אַנטווערפּן, האָט זי קיין מורא נישט. דאָרט, זאָגט זי, זיינען באַמע דייטשן, און דאָ, אין אַנטווערפּן, זיינען מיר, זאָגט זי, צווישן מענטשן, צווישן אייגענע! מען הערט רעדן א יידיש וואָרט. פילן מיר זיך טאַקע היימיש, בפרט צווישן אייגענע. אַז באַלד וועלן מיר האָבן געסט: נאָך שבת קומט אונדזער מחותן יונה דער בעקער מיט זיין הויזגעזינד. מיר וואַרטן הייבטמאָרגן זאָל קומען אונדזער שכנה פעסיע מיט איר באַלעבאָסטע. אַז דאָ רעדט יעדער נישט וועגן א שב זה. איך וועל אייך באַשרייבן אַלצדינג.

# די באַלעבאָסטע

## א.

איך זיץ שוין באַקאַנט מיט דער באַלעבאָסטע. דאָס איז אונדזער שכנה פעסיע מיט איר נאָמען משה דעם איינבינדער מיט זייערע אַכט קינדערלעך.

לאַנג לעבן זאָל זי, פעסיע. איך האָב זי ליב. איך האָב נאָר פיינט, אַז זי קוועטשט זיך. אַז זי איז געקומען קיין אַנטווערפּן, האָט זי מיך אַרומגעכאַפּט קושן, ווי אַן אייגן קינד. מיט אַלעמען האָט זי זיך געקושט. מער פון אַלע, געוויינט, מיט דער מאַמען. די מאַמע, אַז זי האָט זי דערזען, איז גלייך ... דעם טאַטן פון יענער וועלט: זי האָט זיך אַזוי צעוויינט, אַז מיין ברו־דער עלי איז אַנגעפאַלן אויף פעסיען, אַז איבער איר מאַכט די מאַמע א תל פון די אויגן און קען נישט גיין צום דאָקטאָר...

גיין צום דאָקטער — מיין יעדער, וועט עס קומען אַהער קיין אַנטווערפּן. דאָס ערשטע, וואָס איינער פרעגט ביים אַנדערן, איז: „וועמעס איר שוין גע־ווען ביים דאָקטאָר?"... „וואָס האָט אייך געזאָגט דער דאָקטאָר?"...

אפילו די „עזרה", אַז מען קומט צו איר צו גיין, שיקט זי באַלד אַפּ צום דאָקטאָר. אַז מיר זיינען געקומען אַהער האָב ערשטע מאָל, האָט די

מאמע נאָר־וואָס געוואָלט אָנהייבן דערציילן די מעשה: וויאַזוי איר מאַן איז געווען כל־ימיו[1] אַ חזן אין דער קצבישער שול... וויאַזוי ער האָט זיך פאַרקילט און קראַנק געוואָרן... וויאַזוי זי האָט אַלצדינג פאַרקויפט, אַבי ראַטעווען דעם טאַטן... וויאַזוי דער טאַטע איז געשטאָרבן און זי איז געבליבן אַן אַלמנה מיט צוויי קינדער יתומים... איינעם האָט זי חתונה געמאַכט, אַריינגעגעבן אין אַ שמאָליך־גרוב... די שמאָליך איז אויסגערונען, די גרוב איז געבליבן... נאָכדעם, וויאַזוי מיר האָבן פאַרקויפט דאָס לעצטע, אונדזער האַלבע שטוב, און געלאָזט זיך קיין אַמעריקע... נאָכדעם וויאַזוי מיר האָבן געגנבעט די גרענעץ הינטער בראָד, שיר נישט געהאַרגעט געוואָרן אין אַ פינצטערער נאַכט, און האָבן פאַרלאָרן דאָס גאַנצע ביסל גוטס, דאָס בעטגעוואַנט — וואָס וועלן מיר טאָן איצט אָן בעטגעוואַנט אין אַזאַ ווייט לאַנד?...

אַזוי טענהט די מאַמע פאַר דער „עזרה", און די „עזרה" הערט, און דאָס מיידל, וואָס זיצט ביים טיש (פרייליך זייטשיק הייסט דאָס מיידל), פאַרשרייבט איטלעכס וואָרט, וואָס די מאַמע זאָגט, אין בוך אַריין. די מאַמע האָט נאָך צו דערציילן און צו דערציילן, רופט זיך אָן צו איר איינער פון דער „עזרה":

— אַלזאָ, פאָרט איר קיין אַמעריקע?

זאָגן מיר:

— פאַרשטייט זיך, נישט קיין יעהופּעץ, קיין אַמעריקע.

רופט זיך אָן צו אונדז יענער, וואָס פון דער „עזרה":

— זענט איר שוין געווען ביים דאָקטאָר?

זאָגן מיר:

— וואָסער דאָקטאָר?

רופט זיך אָן צו אונדז יענער, וואָס פון דער „עזרה":

— אָט האָט איר אַן אַדרעס. גייט זיך דורך, ראשית־חכמה[2], צום דאָקטאָר, וועט ער באַטראַכטן אייערע אויגן.

דערהערט דאָס וואָרט אויגן, טוט מיין ברודער עליע אַ קוק אויף דער מאַמען און ווערט טויט, ווי די וואַנט...

וואָס האָט ער זיך אַזוי דערשראָקן?...

---

1 כל ימיו (קאָל יאָמאָוו) — זיין גאַנץ לעבן.

2 ראשית חכמה (ריישיס כאָכמע) — דאָ: פריער פון אַלץ.

# ב.

— שוין, דאַנקען גאָט. מיר זיינען שוין אַלע געווען בײַם דאָקטאָר, נאָר די מאַמע נאָך נישט. די מאַמע וועט זיין שפּעטער. מיין ברודער עליע האָט מורא. זי האָט די לעצטע צייט צופיל געוויינט... דער דאָקטאָר האָט אונדז אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין און אָנגעשריבן עפּעס אויף אַ פּאַפּיר און פאַרחתמעט[1] אין אַ קאָנווערט. האָבן מיר זיך תחילת[2] זייער דערשראָקן. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס האָט ער אונדז פאַרשריבן אַ רפואה צו די אויגן. פרעגן מיר אים: וואָס האָט ער אונדז פאַרשריבן? ווייזט ער אונדז מיט דער האַנט אויף דער טיר. שטויסן מיר זיך אָן, אַז מע הייסט אונדז גיין... קומען מיר צו דער „עזרה" און ווייזן איר דאָס געשריפט פונעם דאָקטאָר. נעמט דאָס מיידל (פריילן זייטשיק) און עפנט אויף דאָס קאָנווערטל און לייענט איבער און מאַכט צו אונדז:

— איך קאָן אייך אָנזאָגן אַ בשורה[3]: דער דאָקטאָר זאָגט, אַז איר האָט געזונטע אויגן.

אַוודאי איז דאָס פאַר אונדז אַ בשורה! וואָס טוט מען אָבער מיט דער מאַמען? זי הערט נישט אויף צו וויינען. טענהען מיר מיט איר:

— וואָס טוסטו? טאָמער וועט חלילה דער דאָקטאָר פאַרבראַקירן דיר די אויגן?

— הערסטו? אַט דאָס וויין איך דאָך!...

אַזוי ענטפערט די מאַמע און לייגט צו צו די אויגן אַ פלעסטערל. דאָס פלעסטערל האָט איר געגעבן אַן עמיגראַנט, אַ פעלדשער. ער הייסט נישט קיין שיינעם נאָמען: „ביבער"! געקומען איז ער אַהער קיין אַנטווערפּן מיט דער כאָליאַסטרע. אויפן וועג האָט ער זיך מיט זיי באַקענט. זיי האָבן איניינעם געגנבעט די גרענעץ. קיין ניסים ונפלאות[4], ווי מיט אונדז, האָט זיי נישט געטראָפן. האַרגענען האָט מען זיי נישט געוואָלט, קיין בעטגע־וואַנט האָט מען בײַ זיי נישט צוגענומען, נאָר זיי זיינען גלאַט אַזוי פאַר־שוואַרצט געוואָרן. זיי האָבן געהאַט, זאָגן זיי, צו זינגען און צו זאָגן.

---

1 פאַרחתמעט (פּאַרכאַסמעט) — פאַרזיגלט, פאַרמאַכט מיט אַ שטעמפּל.
2 תחילת (טכילעס) — פון אָנהייב.
3 בשורה (בסורע) — דאָ: אַ וויכטיקע נייעס.
4 ניסים ונפלאות (וועניפלאָעס) — גרויסע וואונדער.

ג.

מען איז אונדז געקומען זאָגן, אַז עמעצער פֿרעגט זיך נאָך אײַך אונדז אינדרויסן. ווער קאָן עס זײַן? מיר גייען אַרויס — געסט! געסט! אונדזערע מחותּנים זײַנען געקומען! יונה דער בעקער מיט דער גאַנצער מישפּחה. אַ נײַע באַלאַבאַטעס! ווידעראַמאָל אַ גדולה: מײַן שוועגערין ברכה קושט זיך מיט טאַטע־מאַמען, מײַן ברודער עליע קושט זיך מיט זײַן שוועגער און מיט די שוועגערס. אויך איך קוקנדיק, כאַפּט זיך פֿײַגע אויך קושן מיט אונדזערע מחותּנים. און די מאַמע מײַנע? די מאַמע טוט זיך אַרום: זי וויינט!... מײַן ברודער עליע עקט זיך. ער קוקט אויף איר און צופּט זיך בײַם בערדל. ער קאָן איר אָבער איצטער גאָרנישט זאָגן: ס'איז דאָך אייגענע, נישט קיין פֿרעמדע, מחותּנים, און פֿון איין שטאָט. פֿאַרוואָס זאָל מען זי נישט לאָזן אַ ביסל זיך אויסוויינען?..

— וויאַזוי האָט איר געגנבֿעט די גרענעץ? און ווי האָט מען אײַך באַנומען?...

דאָס איז געווען דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבן געפֿרעגט בײַ אונדזערע מחותּנים. און אונדזערע מחותּנים האָבן פֿון דעם צו דערציילן גאַנצע פּעק! מיר קריגן אָבער נישט אין קאָפּ אַרײַן זייערע מעשׂיות. איך האָב זיך פֿאַרקליבן אין אַ ווינקעלע מיט מײַן שוועגערינס שוועסטערל. איך האָב אײַך אַמאָל דערציילט פֿון איר. אַלטע הייסט מען זי.

איך דערצייל אַלטען פֿון גאָלדעלען און פֿון אירע קראַנקע אויגן, נאָך בעך, און פֿון מײַן חבֿר מאָטל דעם גרויסן, און פֿון מײַן חבֿר מענדעלען, און פֿון דער „עזרה", און פֿון דער פֿרײַלין ווישטשיק, וואָס שרײַבט אין אַ בוך, און פֿונעם דאָקטאָר, וואָס קוקט אין די אויגן, און פֿון יענעם דערצייל איך איר, פֿונעם „אַליאַנץ", וואָס האָט פֿײַנט אַ ייִדן, און פֿון קראַנקע מיט לעמבערגע. אויף פֿון דער גרענעץ וויאַזוי מיר האָבן געגנבֿעט און וויאַזוי מיר זײַנען קיין אַרויס מיטן לעבן. איך לאָז נישט הערן קיין וואָרט. אַלטע הערט מיך אויס מיט גרויסע אויגן. נאָכדעם דערציילט זי מיר, וואָס זיי האָבן געהאַט.

איך נעם אַלטען און גיי מיט איר שפּאַצירן. איך באַווײַז איר די שטאָט אַנטווערפּן. זי ווערט נישט נתפּעל[1]. זי האָט, זאָגט זי, געזען גרעסערע שטעט. וואָס זאָגט איר אויף איר טאַטן? איך פֿיר זי אויף די בולוואַרן, ווײַ בײַ שטייען עמיגראַנטן. איך מאַך זי באַקאַנט מיט מײַנע חבֿרים. זי האָט זיך גרייט. אַלטע, זי איז פֿון תּמיד אַזאַ...

1 ווערן נתפּעל (ויספּעל) — איבעררושט, פֿאַרוואונדערט.

לׄמאי זי האָט געוויינט די גאַנצע צייט, און ער דערמאָנט איר, וויפל מאָל ער האָט איר געזאָגט, זי זאָל נישט וויינען!... די מאַמע וויל אים ענטפערן, האָט זי נישט קיין ווערטער...

אויף מאָרגן גייען מיר ווידער צו דער „עזרה", גיט אונדז די „עזרה" אַן עצה, אַז מיר זאָלן פֿרוון פֿאָרן איבער לאָנדאָן. אפשר וועט לאָנדאָן דערלאָזן די מאַמע מיט אירע פּאַרווינטע אויגן קיין אַמעריקע. אָדער אויב נישט קיין אַמעריקע, איז כאָטש קיין קאַנאַדע... וווּ איז קאַנאַדע — ווייסן מיר נישט. מע זאָגט, אַז ס'איז נאָך ווייטער פֿון אַמעריקע... מיין ברודער עליע און אונדזער חבר פּיניע האָבן דערווייל איבער וואָס צו קריגן זיך. עליע פֿרעגט אים: „פּיניע! זאָג נאָר, וווּ איז דאָס אָט דאָס קאַנאַדע? ביסט דאָך עפּעס אַמאָל געווען אַ מענטש פֿון געאָגראַפֿיע"... זאָגט אים פּיניע, אַז קאַנאַדע איז אין קאַנאַדע, דאָס הייסט, נישט אין קאַנאַדע, נאָר אין אַמעריקע. דאָס הייסט, ער וויל זאָגן, אַז קאַנאַדע איז טאַקע דאָס אייגענע, וואָס אַמעריקע, נאָר פֿאָרט נישט אַמעריקע. פֿרעגט אים עליע: „ווי קאָן דאָס זיין?" זאָגט אים פּיניע: „נו, זעסטו דאָך!"...

דערווייל דאַרף מען גיין צום שיף באַגלייטן גוטע פֿריינד, אונדזער שכנה פּעסיע מיט איר מאַן דעם איינבינדער מיט איר גאַנצער כאַליאַסטרע. וויי־וויי, וואָס עס טוט זיך ביים שיף! יידן, ווייבער, קינדער, קלומקעס, פּעקלעך, קישנס, זעק מיט בעטגעוואַנט. דער לויפֿט. דער שרייט. דער וויינט.. דער שוויצט. דער עסט. דער שעלט. פּלוצעם הערט זיך אַ קול פֿון אַ ווילדער חיה, פֿון אַ וויזלטיר[1]: ה־ה־ה־ה־ר־ר !..

ה־ה־ה־ה־ר־ר !.. דאָס הודעט מען פֿון שיף, מען זאָל זיך שוין געזעגענען.

עס ווערט אַ לויפֿעריי מיט אַ קושעריי מיט אַ געוויין — אַ טעאַטער און גענוג! אַלע געזעגענען זיך. מיר קושן זיך מיט דער כאַליאַסטרע. די מאַמע קושט זיך מיט אונדזער שכנה פּעסיע. פּעסיע רעדט איר אויס דאָס האַרץ, בעט, זי זאָל גאָרנישט זאָרגן, זיי וועלן זיך, אם ירצה השם, זען אינ־גיכן אין אַמעריקע... די מאַמע מאַכט מיט דער האַנט און שלינגט די טרערן... די לעצטע צייט וויינט זי אַ סך ווייניקער ווי פֿריער. זי האָט עפּעס איינ־גענומען אַזעלעכס אויף נישט וויינען... דער גאַנצער עולם איז שוין אויף דער שיף. מיר זייגען אינדרויסן. אַי, זיינען מיר זיי מקנא! אַי, בין איך מקנא „וושתין"! אַמאָל האָט ער מיר מקנא געווען. היינט בין איך אים מקנא!... און „וושתי" שטייט מיט אַ צעריסן מיצל אויף דער שיף. ער האַלט

---

1 וויזלטיר — דאָ געמיינט: אַ ריזיק, אומגעהייער באַשעפֿעניש.

די הענט ארונטער און ווייזט מיר אַ צונג. דאָס הייסט, ער וויל מיר געבן אַנצוהערעניש, אַז ער פֿאָרט און איך נישט. פֿאַרדריסט דאָס מיך זייער. נאָר איך נעם זיך אָן מיט האַרץ און שטעל אים ארויס אַ פֿייג: „נאַ דיר!“... דאָס הייסט אַזוי גרויס, ווי איך וואָלט אים זאָגן: „וושתּי“! אַזאַ מכּה דיר און אַזאַ שטיק גאָלד מיר, ווי איך וועל אינגיכן זיין אין אַמעריקע!...

אָ! איר זאָלט גאָרנישט זאָרגן — איך וועל אינגיכן זיין אין אַמעריקע!

## ה.

מיט דער מאַמעס אויגן איז נישט אין בעסטן. דאָס הייסט, נישט גוט. זייער נישט גוט! מע זאָגט, אַז מע וועט זי נישט אַרויפֿלאָזן אויפֿן שיף פֿאַר קיין מיליאָנען אַפֿילו. מע דאַרף אַנטלויפֿן פֿון אַנטווערפּן. אין אַנטווערפּן זיינען דאָקטוירים רשעים[1]! זיי קוקן אין די אויגן אַריין. וויבאַלד זיי געפֿינען אויף די אויגן „טראַכאָמעס“, אַזוי כאַפּט זיי אַוועק דער רוח: נישטאָ ביי צי קיין כּבֿוד, נישט קיין רחמנות! מיר וועלן מוזן פֿאָרן קיין אַמעריקע דורך אַן אַנדער וועג. דורך וואַסער אַ וועג — ווייסן מיר נאָך נישט. ס'איז דאָ וועגן געניג. הלוואַי וואָלט נאָר געווען מיט וואָס צו פֿאָרן. ס'איז אַ סבֿרה[2], אַז ביי מיין ברודער עליע און קעשענע טאָגט שוין. דער גאַנצער מאַיאָנטעק פֿון אונדזער האַלבער דירה איז ביי אונדז אַוועק אויף די דאָקטוירים מיט די פֿעלדשערס — אַלץ צוליב דער מאַמעס אויגן. איך האָב געכאַפּט אַ וואָרט פֿון מיין ברודער עליע און פֿון זיין חבֿר פּיניע: „הלוואַי מיר זאָלן זיך כאָטש דערשלעפּן ביז לאָנדאָן!“... אַוודאי וואָלט איך בעסער וועלן גלייך קיין אַמעריקע, איידער קיין לאָנדאָן. אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע מיט איר גאַנצער כאַליאַסטרע איז שוין לאַנג אין אַמעריקע. זיי מאַכן שוין דאָרט אַ לעבן. וושתּי (הערשל מיט דער גוליע) גייט שוין דאָרט אַרום שפּאַצירן מיט די הענט אין די קעשענעס איבער אַלע גאַסן און קנאַקט ניסלעך. אונדזערע מחותּנים — יונה דער בעקער, ריוועלע די בעקערן, מיט די בנים[3], מיט מיין „כּלה“ אַלטע — האָבן זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף מיין מאַמעס אויגן און זיינען אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע אָן אונדז. אוי, אוי, אוי, וואָס סע האָט זיך אָפּגעטאָן יענעם טאָג אין אַנטווערפּן! מיר האָבן

---

1 רשעים (רעשאָים) — בייזע מענטשן.
2 אַ סבֿרה (סוואָרע) — ווייזט אויס, מע זאָגט.
3 בנים (באָנים) — זין (איראָניש).

נישט געלאָזט די מאַמען, זי זאָל שטיין בײַם שיך, האָרעס אַז זי וועט זיך דאַרפֿן געזעגענען מיט די מחותנים, וועט זי וויינען און דערווײַל באַגראָבן דאָס איבעריקע ביסל אויגן. וואָס האָבן מיר געפּועלט? האָט זי נאָך מער געוויינט. זי טענהט, אַז מען נעמט צו בײַ איר דאָס איינציקע שטיקל חיותי — כאָטש אויסוויינען זיך די צרות, גרינגער מאַכן דאָס האַרץ... נאָר ווער הערט זי?

ג.

ווייסט איר, ווער ס'איז צופֿרידן מיטן אָפּפֿאָרן פֿון אונדזערע מחותנים? איר וועט קיינמאָל נישט טרעפֿן — גאָלדעלע! דערהערט, אַז אונדזערע מחותנים פֿאָרן אַוועק, האָט זי געוואָלט גיין טאַנצן. וואָס איז די מעשה? זי האָט פֿיינט אַלטען, זי האָט זי פֿיינט פֿאַר איר גדלות[2]. גאָלדעלע האָט פֿיינט אַ מענטשן, וואָס בלאָזט פֿון זיך.

— דײַן כּלה מיט די רויטע צעפּעלעך קאָן איך נישט אָנקוקן: זי איז אַ גדלנטע!

אַזוי זאָגט צו מיר איינמאָל גאָלדעלע, און דאָס פּנים ברענט איר ווי אָן אײַזן.

— פֿונוואַנען האָבן זיך גענומען בײַ אַלטען רויטע צעפּעלעך, אַז זי האָט גאָר שוואַרצע?

אַזוי זאָג איך צו גאָלדעלען. ווערט זי נאָך מער אין כּעס, וויינט און זאָגט צו מיר:

— רויטע! רויטע! רויטע!...

גאָלדעלע, אַז זי איז בייז, דאַרף מען זי לאָזן צורו, ביז עס גייט איר אָפּ דער כּעס. און אַז עס גייט איר אָפּ דער כּעס— איז זי גאָלד און זילבער: מיט מיר איז זי טאַקע גאָר ווי אַ שוועסטער. אַלצדינג דערציילט זי מיר: ווי אַזוי זי האָרעוועט אויף דער סטאַנציע, קערט די שטובן, האָדעוועט די עופֿות, פֿאַרוויגט די קינדער. הײַנט דערציילט זי מיר, ווי אַזוי זי גייט צום דאָקטאָר אַלע טאָג זיך קורירן די אויגן; ווי אַזוי דער דאָקטאָר שמירט זי מיטן זעלבן בלוישטיין, וואָס ער שמירט אַלע איבעריקע קראַנקע.

1 חיות (כיעס) — אַ פאַרגעניגן.

2 גדלות (גאַדלעס) — גרויסהאַלטעריי. גדלנטע (גאַדלעוסטע) — באַרימעריקע, גרויסהאַלטערקע.

— אוי, ווען גאָט העלפט מיר אָן איינעם בלײַשטיין, וואָלט איך אפשר קאָנען אַמאָל זען מײַן טאַטע־מאַמע...

אזוי זאָגט גאָלדעלע מיט טרערן אין אירע קראַנקע אויגן. עס רײַסט מיר אויס אַ שטיק האַרץ. איך קאָן נישט הערן, ווי זי רעדט פון טאַטע־מאַמע. איך קאָן נישט זען, ווי זי וויינט. איך זאָג צו איר:

— ווייסטו וואָס, גאָלדעלע? אָט פאָר איך קיין אַמעריקע. איך וועל מאַכן דאָרט אַ לעבן, וועל איך דיר צושיקן פון דאָרט אַ בלײַשטיין.

— דו נאַרסט מיך נישט אָפּ? שווער מיר בײַ דײַן הייליקן נאמנות[1].

אזוי זאָגט צו מיר גאָלדעלע, און איך שווער בײַ מײַן הייליקן נאמנות, אַז איך וועל זי נישט פאַרגעסן. איך וועל נאָר אָנהייבן מאַכן אַ לעבן אין אַמעריקע, אזוי שיק איך איר באַלד אַרויס אַ בלײַשטיין.

## זיי געזונט, אַנטווערפּן!

### א.

קיין שטאָט האָט מיר אזוי נישט באַנג געטאָן אַרויסצופאָרן, ווי די שטאָט אַנטווערפּן. און נישט אזוי די שטאָט, ווי די מענטשן. און נישט אזוי די מענטשן פון אַנטווערפּן, ווי די באַליאַסטרע עמיגראַנטן. און נישט אזוי די באַליאַסטרע אַליין, ווי מײַנע חברים און חברטעס. אַ סך זײַנען זיך צעפאָרן פריער. וושתי, אַלטע, מאָטל דער גריבער — די זײַנען שוין לאַנג אין אַמעריקע, מאַכן אַ לעבן. געבליבן איז נאָר מענדל דער בר־מצווה־בחור (ברכה האָט אים געשענקט אַ צענעמעניש „דער לאַשעק") און גאָלדעלע דאָס מיידל מיט די קאַליע אויגן איז געבליבן. ווײַטער קיינער נישט. וואָס וועט טאָן די „עזרה", די וואָס העלפט די עמיגראַנטן? וועמען וועט זי העלפן? עס טוט מיר באַנג אַנטווערפּן, איך וועל בענקען נאָך אַנטווערפּן. אַ ווילע שטאָט, ווילע מענטשן. אַלע האַנדלען מיט בריליאַנטן. אַלע טראָגן זיך אַרום מיט שטיינער. אַלע קענען די מלאכה: שנײַדן, שלײַפן שטיינער. וועמען איר באַגעגנט, איז ער אָדער אַ שטיינשנײַדער, אָדער

1 נאמנות (נעמאָנעס) — דאָ געמיינט: ערנוואָרט.

אַ שלייפֿער. אַ סך ייִנגלעך פֿון אונדזער כאַליאַסטרע זײַנען דאָ פֿאַרבליבן, געוואָרן שטײנשנײַדער. מיר זאָלן זיך אַזוי נישט רײַסן קיין אַמעריקע, האָלט מען מיך אויך אָוועקגעגעבן צו דער אַרבעט, געמאַכט פֿון מיר אַ שטײנשנײַדער. מײַן ברודער עליען איז געפֿעלן די מלאכה. אונדזער חבר פּיניען אויך. זיי זאָלן זײַן, זאָגן זיי, אַ ביסעלע ייִנגער, האָלטן זיי אַליין גענומען זיך צו דער אַרבעט — שלײַפֿן שטיינער. ברכה לאַכט פֿון זיי. זי זאָגט, אַז שטיינער איז גוט צו טראָגן, נישט צו שלײַפֿן. פּיניעס ווײַב טייבל האַלט מיט איר. טייבל איז אויך אַ בעלן אויף אָנטאָן שטיינער. זיי גייען אַלע טאָג קוקן אין די פֿענצטער און קאָנען זיך נישט אָפּלויבן פֿון די בריליאַנטן מיט די דימענטן, וואָס וואַלגערן זיך אַזוי ווי מיסט. עס דרייט זיך אַזש דער קאָפּ. עס שעמערירט זיי אין די אויגן. זיי זײַנען אויס מענטש. פּיניע לאַכט פֿון זיי. ער זאָגט, אַז די אַלע שטיינער האָבן בײַ אים אַ פּנים פֿון חזק, און די, וואָס גיבן זיך אָפּ דערמיט, זעען אויס בײַ אים ווי משוגעים. איך מיינט, ער האָט נישט געמאַכט אויף זיי אַ לידל?

ווי מע גייט און ווי מע שטייט, הערט מען נאָר: בריליאַנטן! דימענטן! אַלע טראָגן זיך אַרום מיט פֿולע קעשענעס, מיט גאַנצע פּעק בריליאַנטן, עס זאָל זיך דאָס אַפֿילו צוקלעפּן צו אונדז איין בריליאַנטל! עמעצער פֿון זיי זאָל כאָטש וועלן פֿאַרלירן אַ פּאָר דימענטלעך, און איך זאָל זיי געפֿינען! — אַזוי זאָגט ברכה, און די אויגן בײַ איר ברענען. איך ווייס נישט, וואָס ברכה איז אַזוי פֿאַרקאָכט אין די דימענטן מיט בריליאַנטן. איך וואָלט אייך אָוועקגעגעבן אַלע שטיינער פֿון דער גאַנצער וועלט פֿאַר איין קעסטל פֿאַרבן מיט אַ בערשטעלע אויף צו מאָלן. איך האָב נישט לאַנג אויסגעמאָלט אַ שיף מיט אַ שטיפּטל אויף פּאַפּיר, אַ שיף מיט אַ כאַליאַסטרע עמיגראַנטן, קאָפּ אויף קאָפּ. איך האָב דאָס מאָלעכין אָוועקגעגעבן גאָלדעלען, דעם מײדל וואָס מיט די קאַליע אויגן. גאָלדעלע האָט דאָס געוויזן דער פֿרײַלן זײַטשיק. יענע האָט דאָס באַוויזן אין דער „עזרה" פֿאַר דער גאַנצער וועלט. האָט דערזען אויך מײַן ברודער עליע, האָב איך געכאַפּט פֿון אים: „מענטשעלעך! וועסט אויפֿהערן אַמאָל מאָלן מענטשעלעך, צי ניין?" מײַן ברודער עליע האָט מיך שוין לאַנג אַזוי נישט געשלאָגן. איך האָב עס דערציילט גאָלדעלען. האָט דאָס גאָלדעלע דערציילט דער פֿרײַלן זײַטשיק. האָט דאָס פֿרײַלן זײַטשיק פֿירגעהאַלטן מײַן ברודער עליען, פֿאַרוואָס ער שלאָגט מיך. זי האָט אים באַוויזן דאָס מאָלעכין און האָט איבער אים געטענהט און געטענהט. מײַן ברודער עליע האָט איר אויסגעהערט, און אַז ער איז געקומען אַהיים, האָב איך ערשט דעמאָלט פֿון אים געהאַט. מײַן ברודער

עליע זאָגט, אַז ער מוז מיר אַרויסשלאָגן דעם שיגעון[1] פון מאָלן מענ־טשעלעך...

## ב.

היינט זיינען מיר געווען דאָס לעצטע מאָל ביי דער „עזרה". וואָס מיר האָבן דאָרט געטאָן — ווייס איך נישט. מיין ברודער עליע האָט עפּעס געטענהט. פיניע האָט געמאַכט מיט די הענט. ברכה האָט זיך אַריינגעמישט אין מיטן. די מאַמע האָט געוויינט. די, וואָס זיצן אין דער „עזרה", האָבן עפּעס גערעדט צו אונדז, געוויינטלעך, אויף דייטש. דריי זיינען דאָרט גע־ווען, און אַלע דריי האָבן זיך פאַרהערט, ווער קען בעסער דייטש... פרעגט מיך בחרם[2], וואָס זיי האָבן דאָרט גערעדט? אַז מיין קאָפּ איז גאָר דאָרטן, אויפן שיף, אויפן ים, אין לאָנדאָן, אין אַמעריקע. און דאָ קומט טאַקע צו לויפן גאָלדעלע אין איין אָטעם:

— דו פאָרסט שוין טאַקע?

— איך פאָר.

— ווען?

— מאָרגן.

— וווהין?

— קיין לאָנדאָן.

— און פון דאָרטן?

— קיין אַמעריקע.

— און איך בלייב דאָ מיט מיינע קאַליע אויגן, און מיין טאַטע־מאַמע — גאָט ווייסט, ווען איך וועל זיי זען!

אַזוי זאָגט גאָלדעלע און וויינט מיר אָפּ דעם קאָפּ. עס טוט מיר ווי דאָס האַרץ. איך וויל זי טרייסטן, האָב איך נישט קיין ווערטער. איך נעם זי ביי דער האַנט. איך גלעט זי:

— וויין נישט, גאָלדעלע. אַט וועסטו זען, איך וועל קומען קיין אַמע־ריקע און וועל מאַכן אַ לעבן, איז דאָס ערשטע — שיק איך דיר אַרויס אַ בלויסטיינדל אויף צו שמירן די אויגן. נאָכדעם וועל איך דיר שיקן אַ שיפסקאַרטע. אַ האַלבע שיפסקאַרטע, ביסט דאָך נאָך נישט אַלט קיין צען יאָר. וועסטו קומען צו פאָרן קיין אַמעריקע. דאָרט וועט אויף דיר וואַרטן

---

1 שיגעון (שיגאָען) — דאָ געמיינט: אַ שלעכטע געוואוינהייט, קראַנקהייט.

2 פרעגט מיך בחרם (בעכיירעם) — געמיינט: איך זאָל אפילו דאַרפן שווערן, וואָלט איך נישט געקאָנט זאָגן.

אין „קעסטל־גארטל" דיין מאמע מיט דיין טאטן. איך וועל אויך זיין אין „קעסטל־גארטל". אז דו וועסט צופארן מיטן שיף קיין אמעריקע, וואלסטו קוקן אין „קעסטל־גארטל" און וואלסט מיך זען מיט די אויגן. איך וועל האלטן אט דאס בליישיפטל אין די הענט — זעסטו? אז דו וועסט דער־זען אין אמעריקע א יינגל מיט אט אזא בליישטיפטל — וואלסטו וויסן, אז דאס בין איך, מאטל פייטים. נאכדעם, אז דו וועסט אראפ פון שיף, וועסטו זיך צעקושן מיט דיין טאטע־מאמע. אהיים וועסטו נישט גיין מיט זיי. דו וועסט זיי נאר איבערגעבן די זאכן דיינע און בעסער גיין אנקוקן מיט מיר אמעריקע. איך וועל דיר ווייזן גאנץ אמעריקע, ווייל איך וועל דאך שוין זיין קלאר אין דעם אויך איינגעוווינט. נאכדעם וועל איך דיר ברענגען אהיים צו דיין טאטע־מאמע, וועסטו עסן מיט זיי וועטשערע, א פרישע יויך...

גאלדעלע האט נישט געוואלט הערן ווייטער. זי איז מיר געפאלן אויפן האלדז און געקושט מיך. איך זי אויך.

ג.

אט די ברכה, הערט איר, האט א טבע: ווי מע פארזיכט זי נישט, דארט יאקסט זי אים. זי דארף אנקומען אקוראט אין דער מינוט, ווען איך געזעגן זיך מיט גאלדעלען! געזאגט האט זי מיר גארנישט. קיין האלב ווארט אפילו. זי האט נאר אויסגעצויגן מיט איר מאנצבלשער שטים אפשר אויף דריי קלאפטער: „אזו־ו־ו־ו־ו?"...

נאכדעם האט זי עפעס מאדנע צונויפגענומען די ליפן, פארדרייט די נאז. א הוסט האט זי געטאן בשעת־מעשה: „עהעם!" און איז אוועק גלייך צו מיין ברודער עליען. וואס האט זי אים געזאגט, ווייס איך נישט. איך ווייס נאר, אז איך בין ארויסגעגאנגען פון דער „עזרה", האט מיר עליע אפגעשטעקט א געשמאקן פאטש. עס האט מיר געקלונגען אין ביידע אויערן.

— פאר וואס? — פרעגט אים די מאמע. — פאר ווען?

— ער ווייסט שוין, פאר וואס!... — ענטפערט איר מיין ברודער עליע, און מיר גייען אלע אויף דער מאנצע. דארט איז א מהומה[1], א טאראראם. מע דארף נאך פאקן. איך האב ליב צו זען, ווי מע פאקט זיך. אויך פאקן זיך איז מיין ברודער עליע א ברייה. אז ער קומט צו פאקן זיך, וואַרפט ער אראפ

1 מהומה (מעהומע) — א גערודער, א פאניק.

די קאַפּאָטע אין הייבט אָן קאָמאַנדעווען: — „גיט אַהער דאָס קויטיקע גרעט!... מאַמע, דעם טשײַניק!... דאָס היטעלע, ברכה, דאָס היטעלע, גיכער!... די קאַלאָשן, פּיניע, דו בלינדער יאַצקאָ, דו סליפּאַק אײנער, דו זעסט נישט? אָט שטייען די קאַלאָשן בײַ דיר אונטער דער נאָז!.. מאָטל, וואָס שטייסטו, ווי אַ לײמענער גולם? העלף עפּעס טאָן! ער ווייסט נאָר מאַכן מענטשעלעך! מענטשעלעך!

דאָס מיינט ער שוין מיך. איך טו זיך אַ וואָרף און הייב אָן העלפֿן טראָגן און וואַרפֿן, וואָס עס קומט מיר אין די הענט. ווערט מײַן ברודער עליע אין כּעס, למאַי איך וואָרף, און וויל מיך שלאָגן. שטעלט זיך אײַן פֿאַר מיר די מאַמע: „וואָס ווילסטו האָבן פֿונעם קינד?"... געפֿעלט נישט ברכהן, למאַי די מאַמע רופֿט מיך „קינד", און צעקריגט זיך מיט דער מאַמען. דערמאָנט איר די מאַמע, אַז איך בין אַ יתום, און וויל אָנהייבן וויינען. זאָגט איר עליע: ווײַן, ווײַן, וויין אויס דאָס לעצטע ביסל אויגן!...

אָט באַלד פֿאַרלאָזן מיר אַנטוועקפֿן.

זײַ געזונט, אַנטוועקפֿן!

# מזל־טוב, מיר זענען שוין אין אַמעריקע!

## א.

אונדז קומט אַ מזל־טוב — מיר זענען שוין אין אַמעריקע. דאָס הייסט, מע זאָגט, אַז מיר זענען אין אַמעריקע. אַמעריקע האָבן מיר נאָך נישט געזען, וואָרעם מיר זענען נאָך דערווײַל אין „קעסטל־גאַרטל", דאָס הייסט, אַמאָל האָט דאָס אַזוי געהייסן. הײַנט הייסט עס שוין מער נישט „קעסטל־גאַרטל", נאָר „עלים אײַלאַנד". פֿאַרוואָס עפּעס „עלים אײַלאַנד"? ווײַל דאָס שטיקל לאַנד האָט אַמאָל געהערט צו אײנעם עליע, איז ער געווען אַ נאַר ביז צו דער סטעליע. אַזוי זאָגט אונדזער הבר פּיניע צום גראָם, ווי זײַן שטייגער איז. פּיניע איז אין כּעס אויף „עלים אײַלאַנד" מיט כּבֿנות, למאַי מע פֿאַרהאַלט די אָרעמע עמיגראַנטן און די רײַכע לאָזט מען אַרײַן גלײַך, ווי זיי קומען אָן מיט דער שיף. דאָס פּאַסט נישט, זאָגט ער, פֿאַר אַזאַ פֿרײַע מדינה, ווי אַמעריקע. אַלע דאַרפֿן דאָ זײַן גלײַך. נישטאָ קיין אָרעם, נישטאָ קיין רײַך. און ער הייבט אָן שיטן מיט ווערטער: קאָלומבוס, שעקספּיר, באָקל, ציוויליזאַציע... ער קלײַבט זיך אָנשרײַבן

אויף זיי א ליד און אוועקגעגעבן זיי א גאַב, אז דער שוואַרצער יאָר זאָל זיי נעמען! האָט ער נישט קיין טינט-און-פעדער און קיין ברעקל פּאַפּיר... זאָגט אים מיין ברודער עליע, אז אויב עס געפעלט אים נישט דאָס לאַנד, האָט ער אַ בריחה פאַרן צוריק. און דאָס געדענקט איר דאָך מן הסתם פון אַמאָל, אז די צוויי, פּיניע און עליע, זענען זעלטן שווה-בשווה[1]. וואָס איינער זאָגט, דרינגט דער אַנדערער קאַפּויער. „דער זומער מיטן ווינטער" — רופט זיי מיין ברודער עליעס ווייב, ברכה, און כאַפּט אַ מיאוסן פּסק פון איר מאַן.

## ב.

וואָס טוען מיר אין עליס אײלאַנד? מיר וואַרטן, ביז מע וועט קומען פון שטאָט, באַקאַנטע און פריינד, און מע וועט אונדז אויסשרייבן. כאָטש שרייבן האָט מען אונדז אויסגעשריבן שוין וויפל מאָל. מע האָט אונדז געשריבן, פאַרשריבן און אויסגעשריבן פאַרן אַרויפגיין אויפן שיף, און אויפן שיף גופא, און איצט, ביים אַראָפּגיין פון שיף, און אַלעמאָל די אייגענע חכמה: ווער זענען מיר? וווהין פאָרן מיר? און וועמען מיר האָבן אין אַמעריקע?

דערציילן מיר זיי, אז ס'איז געווען א ייד פּייסי דער חזן — איז ער געשטאָרבן. האָט ער איבערגעלאָזט אן אלמנה — דאָס איז די מאַמע. האָט זי א זון — הייסט ער עליע. האָט ער א ווייב — הייסט זי ברכה. האָט ער א חבר — הייסט ער פּיניע. האָט ער א ווייב — הייסט זי טייבל. און איך בין דער מיזינעק — הייס איך מאָטל. און דאָס איז מיין חבר — הייסט ער מענדל. און ווייל ער איז א גרויסער — האָט אים ברכה א נאָמען געגעבן לאָשעק.

וועמען מיר האָבן אין אַמעריקע? גאַנץ אַמעריקע איז אונדז באַקאַנט. און אַלע יידן זענען אונדז פריינד. ראשית-חכמה משה דער איינבינדער און זיין ווייב פּעסיע די גראָבע — אונדזערע א שכנה, מיט א גאַנצער באַליאַסטרע קינדער. האָט זיך יעדער זיין נאָמען מיט זיין צונעמעניש. און מיר רעכענען זיי אויס אויף די פינגער: פּיניע קלעצל, וועלוול קאַטער, מענדל טשערנאָהוז, חיים בופלאַקס, פייטל פּעטעלעלע און הערשל מיט דער גילדענע אויפן שטערן, וואָס מע רופט אים „ווּשתּי"...

---

1 שווה-בשווה (שאָווע-בעשאָווע) — דאָ: איינשטימיק.

שלאָגט מען אונדז איבער אינמיטן און מע זאָגט אונדז: „גענוג, גענוג בלייגוואַרג. עלטערן! גיט אהער עלטערן!“. גיבן מיר זיי עלטערן און רעכענען זיי אויס די נעמען: יונה דער בעקער, א ייד א בעכן, איז נישט אײנס. זיין ווייב רייזעלע די בעקערין, א יידענע מיט א רעטאַנדע, איז נישט צווי. דאָס הייסט, זי האָט געהאַט א רעטאַנדע, האָט מען זי אוועקגעגנבעט אויף דער גרענעץ. דערהערט דאָס וואָרט „גרענעץ“, דערמאָנט זיך די מאַמע אָן אנדערע זאַכן, וואָס מע האָט אויך אוועקגעגנבעט אויף דער גרענעץ. הייבט זי אָן בעטן, טאָמער איז מעגלעך, מע זאָל איר קריגן די זאַכן — און הייבט אָן צו וויינען. פאַלט אָן אויף איר עליע, למאי זי וויינט. זאָגט זי, אז איצט איז זי שוין אין אמעריקע און האָט שוין קיין מורא נישט פאַר די אויגן, מעג זי שוין, זאָגט זי, וויינען און וויינען.

וויאַזוי מע האָט זי דורכגעלאָזט מיט די אויגן — איז טאַקע א נס מן השמים.[1] למאי וויאַזוי זענען מיר לעבן געבליבן פון דער נסיעה איבער ים? איז עס דען נישט געווען קיין נסים־ונפלאות? וויפל מאָל האָבן מיר געזען מיט אונדזערע אויגן דעם מלאך־המות,[2] דעם טויט פאַר די אויגן? וויפל מאָל האָבן מיר זיך שוין אָפּגעזעגנט מיטן לעבן?

תהילת, אז מיר זענען ארויף אויפן שיף „פּרינץ אַלבערט“, איז הדוקא געווען גוט און פיין. איך און מיין חבר מענדל האָבן זיך געלאָזט אויסמעסטן דעם „פּרינץ אַלבערט“ אין דער לענג און אין דער ברייט. קיינעם איז נישט געווען אזוי גוט, ווי אונדז. מיר האָבן קיינמאָל נישט געהאַט אזא קוואַרטיר, ווי איצט. א וואַכער־שטוב. א דרייגאָרנדיקע שטוב אויפן וואַסער. שטעלט אייך פאָר: איר זיצט, דאַכט זיך, אין שטוב, אדער איר שפּאַצירט ארום, די הענט אין די קעשענעס, און — איר פאָרט! איר עסט און איר פאָרט! איר טרינקט און — איר פאָרט! היינט די מענטשן, וואָס איר זעט זיך אָן. א וועלט מיט מענטשן. א גאַנצע שטאָט פאָרט מיט אייך. און מחמת אלע פאָרן אויף איין שיף און אלע פאָרן אין איין אָרט ארייִן, קיין אמעריקע — באַקענט איר זיך מיט אלעמען און אלע באַקענען זיך מיט אייך, און איר ווערט געוואָר אין איין טאָג אזויפיל זאַכן, וואָס אויף אַן אנדער אָרט וואָלט איר עס נישט דערגאַנגען אין א יאָר.

ווײַ־ווײַ, וויפל באַקאַנטע מיין מאַמע און מיין שוועגערין ברכה מיט פּיניעס ווייב טייבל האָבן זיך געמאַכט צווישן די ווייבער. נאָר דאָס איז

1 נס מן השמים (נעס מין האַשאָמאַיִם) — נאָכמ־וואונדער.
2 מלאך־המות (מאַלאַך־האַמאָוועס) — דער טויט.

געווען גאָרנישט קעגן די באַקאַנטע, וואָס מיין ברודער עליע און זיין חבר פיניע האָבן זיך געפונען צווישן די מאַנצבלען. וויפל מע האָט נישט גע־רעדט און גערעדט, האָט מען נישט געקאָנט זיך גענוג אָנרעדן. ווייבער האָבן גערעדט מער פון היימישע זאַכן, פון זאַכן, וואָס זענען שייך צו דער קיך, צו דער שפּיזאַרניע, וויים גרעט, קייטיק גרעט, בעטגעוואַנט, זאַקן, ציבלעך, רעטאַנדעס. און די מאַנצבלען — די האָבן גערעדט פון אַמעריקע, פּרנסה, קאָלומבוס, גזירות, פּאָגראָמען.

אָן גזירות און אָן פּאָגראָמען קענען זיי זיך נישט באַגיין. און איך האָב אייך שוין געזאָגט לאַנג, אַז איך האָב עס פיינט. הייבט מען אָן רעדן פון גזירות אָדער פון פּאָגראָמען, גיי איך אַוועק. איך נעם מיין חבר מענדל פאַר אַ האַנט, און מיר לאָזן זיך שפּאַצירן איבער די גאַסן פון „פּרינץ אַלבערט".

## ג.

„פּרינץ אַלבערט" איז גענוג גרויס. און שיין. שטיינערנע טרעפּ. מע־שינע פאַרענטשעס. שטאָל און אייזן, ווו מע טוט זיך אַ ריר. הייסט „מענטשן". איך מיין די באַדינער. מע רופט זיי „סטיואַרדס". און „גויר־בעס". הייסט מאַטראָסן — אַזוי ווי די רוחות. לויפן אַרום הין און הער. איך און מענדל זענען זיי מקנא. מיר גיבן זיך דאָס וואָרט, אַז מיר וועלן אויסוואַקסן, ווערן גרויסע, זאָלן מיר זיך פאַרשרייבן פאַר מאַטראָסן.

איין חסרון האָט דער „פּרינץ אַלבערט". מע לאָזט אונדז נישט אומע־טום זיין. קיים ווילן מיר געבן אַ קוק ווייטער פון צווישנבעק, ווו מיר פאָרן, אַזוי טרייבט מען אונדז הורך. טאָקע די מאַטראָסן גופא. גרויסע רשעים. און די פּאַסאַזשירן אַליין פון יענע העכערע קלאַסן זענען אויך רשעים. ואָרעם זיי זאָלן נישט זיין קיין רשעים, וואָלטן זיי פאַרזאָגט די מאַטראָסן, מע זאָל אונדז נישט טרייבן. וואָס וועלן מיר זיי טאָן? מיר וועלן זיי אָפּ־בייסן? מיין חבר מענדל איז גלאַט נישט צופרידן. ער פאַרשטייט נישט, צוואָס דאַרף מען קלאַסן? ער זאָגט, אַז אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין קלאַסן. טאָמער גלייב איך נישט, קאָן איך אַ פרעג טאָן ביי מיין ברודער עליע. האָט אָבער מיין ברודער עליע פיינט, אַז מע פרעגט אים פּוסטע זאַכן. איך וועל שוין בעסער פרעגן ביי אונדזער חבר פיניע.

---

1 גזירות (גזיירעס) — שלעכטע געזעצן.

אונדזער חבר פּיניע האָט הזקא ליב צו רעדן פֿון אַזעלכע זאַכן. ער קאָן אייך אָפּשיטן מיט רייד. און האָט איר אים נאָר זאַטשעפּעט מיט אַ וואָרט, איז ווי אַן אָנגעדרייטער וועקזייגער. ער וועט נישט אַנטשווייגן ווערן, ביז דאָס רעדל וועט זיך אַליין נישט אָפּשטעלן.

איך האָב געפּאַקט פּיניען, בעת ער איז געזעסן אויפֿן דעק. ער האָט אַריינגעטאָן זיין שפּיץ נאָז אין אַ בוך. מחמת ער איז אַ קורצזיכטיקער, לייענט ער נישט מיט די אויגן, נאָר מיט דער שפּיץ נאָז. איך בין צוגעגאַנגען צו אים נאָענט.

— רב פּיניע, איך דאַרף אייך עפּעס פֿרעגן.

פּיניע האָט צוגענומען די נאָז פֿון בוך.

— וואָס'טו זאָגן, קטנתי? — קטנתי הייסט ביי אים קליינטשקער. אַזוי רופֿט מיך פּיניע, בעת ער איז אויפֿגעלייגט. און אויפֿגעלייגט איז ער במעט אַלעמאָל. אפֿילו דעמאָלט, ווען ער קריגט זיך מיט מיין ברודער עליע, און אפֿילו דעמאָלט, ווען זיין טייבל בלאָזט זיך. דערצייל איך אים אַזוי און אַזוי. צי ס'איז אמת, וואָס מע זאָגט, אַז אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין קלאַסן?

האָט איר באַדאַרפֿט אָנקוקן, ווי אָט דער פּיניע האָט זיך אָנגעצונדן און צעפֿלאַקערט זיך און גענומען רעדן און קייען און שפּייען און שיטן מיט פּייערדיקע הייבע ווערטער: אַז אַמעריקע איז דאָס איינציקע לאַנד, זאָגט ער, פֿון אמתער פֿרייהייט און פֿון אמתער גלייכהייט. אין אַמעריקע, זאָגט ער, קאָנסטו זיצן אָט־אַ־דאָ־אָ און נעבן דיר זאָל זיצן דער „פּרעזידענט", און ווייטער אַביסל זאָל זיצן אַ בעטלער, אַ שלעפּער, אַ ניקס שעבעניקס[2]. און נאָך אַ ביסל ווייטער — אַ גראַף, אַ שררה[3], אַ מיליאָנטשיק! ציוויליזאַציע! פּראָגרעס! קאָלומבוס!... און דאָ ערשט הייבט אָן פּיניע אַרויסצושיטן זיינע שענסטע ווערטער. מישט זיך אַריין אַ ייִד אַן עמיגראַנט, אַ ווילד־פֿרעמדער:

— אַז ס'איז יאָ אַזאַ גליקלעכע מדינה, ווי איר זאָגט, ווו אַלע זענען גלייך, פֿון וואַנען זשע נעמען זיך דאָרטן שלעפּערס און גראַפֿן און בעטלערס און שררות? מאַנעפּשעדי[4]...

---

2 ניקס שעבעניקס — אַ גרויסער נאַרנישט.

3 שררה (סראָרע) — גרויסער פּריץ.

4 מאַנעפּשעך — איינס פֿון די ביידע; אָדער־אָדער.



פונוואנען זשע נעמען זיך דארטן גראפן
און שלעפערס און בעטלערס און ישרות?

נאָר מיר לאָזן איבער פיניען מיטן ייִדן מיט נאָך ייִדן, זיי זאָלן זיך רייסן — אַבי מיר זענען דערגאַנגען, וואָס מיר דאַרפן, אַז אין אַמעריקע זענען קיין קלאַסן נישט פאַראַן. קומט אויס, אַז מענדל איז גערעכט. ער זאָגט, אַז קלאַסן דאַרף מען פיינט האָבן. דאָס הייסט, אַז די פּאַסאַזשירן פון די העכערע קלאַסן דאַרף מען פיינט האָבן. פאַרשטיי איך נישט, פאַר־וואָס? וואָס האָב איך צו זיי? זאָגט מענדל: וואָס האָבן זיי זיך פאַרשלאָסן ביי זיך אין צווייטער און אין ערשטער קלאַס צווישן די שפּיגלען? וואָס שטייט זיי אָזוי נישט אָן, די גרויסע פּריצים, צו זיצן מיט אונדז אָט דאָ, צווישן דעק? מיר זענען דען נישט קיין מענטשן גלייך מיט זיי?

# קריאת־ים־סוף

**א.**

אַז מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט אינדערפרי, איז שוין דער גאַנצער הימל געווען באַליגט. דער ים האָט זיך צעבייזערט מיט סכנות. די כוואַליעס האָבן זיך אויפגעהויבן העכער פון דער שיף, געוואָרפן דעם „פּרינץ אַלבערט", ווי עפּעס אַ שפּענדל, אַ שפּילעכל. די מאַטראַסן האָבן גענומען לויפן אַהין און אַהער, ווי די פאַרסמטע מייז. די סטיואַרדס האָבן זיך צוגע־האַלטן ביי די פּאַרענטשעס. די פּאַסאַזשירן זענען געגאַנגען האַרט ביי די ווענט און געפאַלן כמעט אויף יעדן טריט. מיטאַמאָל האָט געגעבן אַ גאָס אַ שלאַקסרעגן. דונערן האָבן זיך געטראָגן איינס נאָך דאָס אַנדערע. איין בליץ נאָכן אַנדערן באַלייכט אויף אַ רגע דעם שוואַרצן געדיכטן הימל. דער „פּרינץ אַלבערט" קרעכצט, שאָקלט זיך אַהין און אַהער, אַרויף און אַראָפּ. און דער רעגן שמייסט. וואָס איז דאָס? אַ מבול[2] אויף דער וועלט? האָט דאָך גאָט געשוווירן, אַז קיין מבול וועט ער שוין מער נישט ברענגען קיינמאָל אויף דער ערד...

---

1 קריאת-ים-סוף (קריאַס־יאַם־סוף) — דאָ געמיינט: אַ שווע־רע איבערלע־בונג. ווערטלעכער טייטש: די שפּאַלטונג פון ים — אַ דערמאָנונג אין דער דערציילונג פון חומש וועגן דעם, ווי דער ים האָט זיך געשפּאָלטן פאַר די ייִדן, וואָס ייִנען אַנטלאָפן פון מצרים.

2 מבול (מאַבל) — דאָ געמיינט: שלאַקסרעגן, פאַרפלייצונג (אויך אַן אָנדייט אויף דער דערציילונג פון תנך).

— קריאת־ים־סוף, — זאגט מיין ברודער עליע, און אונדזער חבר פיניע באַשטעטיקט צו: „יאָ, ס׳איז קריאת־ים־סוף״... דאָס ערשטע מאָל, וואָס די צוויי זאָגן ביידע איין זאַך. דאָס וואָרט „קריאת־ים־סוף״ האָט אויסגענומען. אַלעמאָל הייבט זיך אויף אַן אַנדער פּאַרשוין, טוט אַ קוקט אינדרויסן ארויס און גיט צו, אַז ס׳איז קריאת־ים־סוף. דערנאָך לויפט ער עפּעס מאָדנע אַוועק אין אַ זייט אַריין. דאָרט גיט ער אָפּ דער מאַמעס מילך, און מער זעט מען אים שוין נישט...

**ב.**

פון אונדזער משפחה האָט דעם ערשטן פּעטשאַטעקי[1] געמאַכט ברכה. זי האָט אָנגעהויבן שרייען, אַז אָט שטאַרבט זי! דערנאָך האָט זי גענומען שעלטן מיין ברודער עליען, לָמאַי ער האָט זי איינגערעדט צו פאָרן קיין אַמעריקע. זי האָט געוווסט פריער, אַז אַמעריקע איז סיביר. ערגער פון סיביר. סיביר איז גאָלד קעגן אַמעריקע!... האָט זיך די מאַמע געוואָלט אָננעמען די קרויוודע פון איר זון. זי האָט איר גענומען זאָגן אַ ביסל מוסר, אַז אַ מענטש באַדאַרף אַלצדינג קאָנען אַריבערטראָגן, וואָרעם ס׳איז אַ גאָט־זאַך. אַ סימן, סע שטייט אין טייטש־חומש[2] געשריבן... האָט זי אָבער נישט געקאָנט אַרויסרעדן, וואָס אין טייטש־חומש שטייט געשריבן, וואָרעם ס׳איז איר מיטאַמאָל געוואָרן נישט גוט אויף צו חלשן. אויף איר קוקנדיק, האָט גענומען הלשן אונדזער חבר פיניעס ווייב, טייבל. איז פיניע אַרויס מיט לשון: „מיט די ווייבער איז דיר נאָר אַ באַשרייבונג, אַ קאָמעדיע!״ — ער האָט אַריינגעלייגט ביידע הענט אין די הויזן־קעשענעס און פאַררוקט דאָס קאַפּעליושל אויף אַ זייט. ער האָט געזאָגט: „שוטים! נאַראָנים! דאַכט זיך, וואָס קאָן עס מיך אַרן, אַז דער ים שטורעמט און די שיף קאַטשעט זיך? אַ מענטש, אַ בר־דעת, גיט זיך אַן עצה. אַז די שיף טוט זיך אַ בייג אַהער, בייג איך זיך אויס אַהין. און אַז די שיף בייגט זיך אַהין, טו איך זיך אַ בייג אַהער. ווערט עס אָנגערופן „באַלאַנץ״...

און בייגנדיק זיך אַהין און אַהער, האָט פיניע אונדז באַוויזן אַ „באַלאַנץ״, אַז ס׳איז נישט גוט געוואָרן אויך מיין ברודער עליען, און ביידע

---

1 פעטשאטעק — אנהייב.

2 טייטש־חומש — די יידישע איבער־זעצונג פון חומש, וואס די פרויען פלעגן לייענען.

האָבן גענומען און אוועקגעגעבן, וואָס זיי האָבן אַמאָל געהאַט... דאָס אייגענע האָבן געטאָן אויך די איבעריקע פּאַסאַזשירן. מע האָט זיך קוים פֿאַרשלעפּט איטלעכער צו זיין געלעגער און מע איז אַנידערגעפֿאַלן, ווי די סנאָפּעס, און ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער רעכטער גיהנום פֿון קריאַת־ים־סוף...

איך און מיין חבר מענדל האָבן זיך געהאַלטן לענגער פֿון אַלעמען. מענדל האָט געהאַט אַ סגולה[1] פֿון אַן עמיגראַנט, וואָס איז געפֿאָרן מיט אונדז איינינעם און האָט אונדז כּסדר געגעבן עצות. דער דאָזיקער עמיגראַנט איז אַ „געריבענער ליולקע". אַזוי זאָגט ער אַליין אויף זיך. ער איז שוין דריי מאָל געפֿאָרן אויפֿן ים קיין אַמעריקע אַהין און צוריק. ווייסט ער אַ סגולה צום ים. די סגולה באַשטייט אין דעם, מע זאָל זיצן אינדרויסן, קוקן אין דער ברייט פֿונעם ים, נישט אין דער לענג, און נישט אין זינען האָבן, אַז איך פֿאָר ריישנדיק אויף אַ פֿערד, נאָר אַז איך שליטל זיך מיט אַ שליטל אויפֿן שניי. דער סוף איז געווען, אַז דער עמיגראַנט, די „געריבענטע ליולקע", איז געלעגן אַ טויטער אויף זיין געלעגער, און איך און מיין חבר מענדל זענען מיר פֿונעם רעגן געוואָרן פּיטש־נאַס, באַטש אויסצודרייען. צו אונדזערע געלעגערס האָבן מיר שוין אַליין נישט געקאָנט טרעפֿן. מע האָט אונדז גענומען אונטער די הענט און אָפּגעפֿירט אין אונדזער רו אַריין.

ג.

וויפֿל צייט דאָס קריאַת־ים־סוף האָט גענומען? אַ טאָג, צוויי און אפֿשר אַלע דריי — דאָס ווייס איך נישט. איך האָב שוין פֿאַרגעסן. איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז מיר האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט, איז געווען אַ פֿרייד צו לעבן אויף דער וועלט. דער הימל איז געוואָרן ריין, ווי גינגאָלד, דאָס וואַסער — ווי אַ גלאָז. דער „פּרינץ אַלבערט" איז געלאָפֿן אין אויסגעצוואָגענער, אין אויסגעפּוצטער, געשניטן מיט די רעדער דאָס וואַסער, גענ־פּינעטי[2], געברויזט און געשפּריצט אויף אַלע זייטן. די פּאַסאַזשירן האָבן אויפֿגעלעבט. מע איז אַרויס אינדרויסן אַלע, גרויס און קליין, אויף דער וואַרעמער זון, אויף דער שיינער, ליכטיקער וועלט. עמעצער האָט אַרויס־

---

1 סגולה (סגולה) — מיטל.

2 נעפּינעט — נעשוימט.

געלאזט א קלאנג, אז אט באלד וועט מען קאנען זען דאס לאנד. איך און מיין חבר מענדל זענען געזען די ערשטע, וואס האבן אלעמען אנגעזאגט די גוטע בשורה, אז מע זעט שוין דאס לאנד. פונדערווייטן האט עס אויסגעזען ווי א פלעק, א געלע, גרויסע פלאמע. די פלאמע ווערט אלעמאל גרעסער און ברייטער. מע זעט שוין שיפן פונדערווייטן. און א שיר שיפן מיט הייזער, דינע וועלבלימער. גיך זענען פארגעסן געווארן אלע צרות. די פאסאזשירן האבן זיך אלע אנגעטאן יום-טובדיק. די ווייבער האבן זיך אויסגעפוצט. מיין ברודער עליע האט צעקעמט די באָרד. ברכה און טייבל האבן זיך אויסגעשלייערט. די מאמע האט אנגעטאן איר שבתדיקע זיידענע פעטשיילע. איך און מיין חבר מענדל האבן נישט געהאט וואס אנצוטאן. און ס'איז טאקע קיין צייט אויך נישט געווען. מע האט שוין געהאלטן אט-אט ביים צופארן צו דעם ברעג פון אמעריקע.

ה.

„שלום-עליכם דיר, קאלומבוס! זיי געגריסט, דו פרייע מדינה! דו גאלדענע, גליקלעכע מלוכה!

אזוי האט אונדזער חבר פיניע באגריסט דאס נייע לאנד. ער האט אוש אראפגעכאפט דאס קאפעלוש, זיך איינגעבויגן און זיך פארנייגט. און אזוי ווי איך ווייסט, אז ער האט א נידעריקע ראיה, האט ער נישט באמערקט, אז עס לויפט פארביי א געזונטער פארשוויצטער מאטראס מיט א רויט פאררייכערט פנים, און האט זיך מיט אים צעבוצקעט פנים-אל-פנים. דאס הייסט, אונדזער חבר פיניעס שפיין נאז איז אויסגעקומען דעם פאררייכערטן מאטראס אקוראט צווישן די אויגן. א גליק, וואס דער מאטראס איז בטבע א גוטער גוי, נישט קיין רשע. האט ער באטראכט אונדזער פיניע מיט דער צעשלאגענער נאז, א שמייכל געטאן און א מורקע געגעבן אונטער די וואנצעס. אפנים, דאס איז געווען א קללה אויף אמעריקאנער לשון.

ה.

מיטאמאל איז געווארן א בהלה[1]. דריטע-קלאס-פאסאזשירן, בעט מען, זאלן מוחל זיין אראפ אונטן אין זייערע שטייגעלעך, צוריק פארנעמען

1 בהלה (בעהאלע) — פאניק, צעטומלעניש.

זייערע ערטער. פריער מיט גוטן, דערנאָך מיט בייזן. ווער עס איילט זיך נישט צו גיין, באַפּט א סטוסאַק פון הינטן. אַלע זענען דאָ, יונג און אַלט. ייִדן און ווייבער, און קינדער, גויים, טערקן, ציגיינער, ס'איז א דערשטיקעניש. די טיר האָט מען געשלאָסן. א קייט האָט מען אריפגעהאָנגען און אייזערנע. מיר קאָנען זען נאָר דורך די פענצטער, וואָס אינדרויסן טוט זיך. קיינמאָל האָבן מיר זיך נישט געפילט אזוי שלעכט, ווי אצינד. מיר האָבן אויסגעזען ביי זיך אין די אויגן, ווי געפאַנגענע. „פאַר וואָס? פאַר ווען?" — אזוי טענהט צו מיר מיין חבר מענדל, און די אויגן זיינע ברענען, שיסן מיט פייער...

לאָזט זיך אויס א מעשה, אז מיר זענען שוין געקומען. געקומען קיין אמעריקע. נאָר וואָס דען? די פּאַסאַזשירן פון ערשטער און צווייטער קלאַס האָט מען אראָפּגעלאָזט דורך א לאַנגן לייטער מיט אפשר הונדערט טרעפּ. נו, און וואָס וועט זיין מיט אונדז? מיר זענען דאָך שוין אין אמעריקע!

— נישט פאַר אונדז געדאַכט! — רופט זיך אָפּ א ייד א שניידער פון הייסין. הוקא נישקאָשע פון א מענטשל, נאָר א ביסל א נודניק. ער גייט אויסגעפּוצט, טראָגט שאַרפע ברילן, האַלט פון זיך און האָט ליב צו רעדן אויף צו־להכעיס. ער דאַרף נאָר הערן, וואָס איר זאָגט, זאָגט ער קאַפּויער. צווישן אים און אונדזער חבר פיניע זענען שוין פאָרגעקומען עטלעכע סטיטשקעס[1]. מיין ברודער עליע האָט זיי קיים צענומען. דער שניידער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, מער מיט פיניען קיין וואָרט נישט צו רעדן, דערפאַר וואָס פיניע האָט אים באַליידיקט. ער האָט אים אָנגערופן מיט אַלע מיאוסע נעמען: „באַיעט", „שניידערוק" און „פּאַלגוין"... איצט, אז מע האָט אונדז פאַרשפּאַרט, האָט זיך דער הייבינער שניידער מיטאַמאָל צערעדט. און הוקא מיט לשון־קודש־ווערטער:

— מה אנו, מה היינו[2]? — וואָס זענען מיר? משל כחרס הנשבר[3] — מיר זענען געגליכן צו, להבדיל[4], סקאָט[5]. סקאָט, אז מע פירט אריין, דאַרף מען דאָס באַטראַכטן...

---

1 סטיטשקע — צוזאַמענשטוים (פון רוסיש).
2 מה אנו, מה חיינו (מע אָנו, מע כאיעינו) — דאָ געמיינט: וואָס פאַר א ווערט האָבן מיר?
משל כחרס הנשבר (מאָשל קעכערעס האַנישבער) — א פאַרגלייך צו א צעבראָכענעם שאַרבן.
4 להבדיל (לעהאַוודל) — נישט צו פאַרגלייכן.
5 סקאָט — פי, בהמות (בעהיימעס).




„די פאסאזשירן פון דער ערשטער און צווייטער קלאס
האט מען אראפגעלאזט... נו, און וואס וועט זיין מיט אונדז?

פאלט אן אויף אים אונדזער חבר פיניע. ער זאגט, אז דער משל איז נישט גלייך צום נמשל[1]. אז מע רעדט פון אמעריקע, באדארף מען, זאגט ער, פריער די הענט וואשן. און ער הייבט אן צו שיסן מיט זיינע שיינע ווערטער, ווי פיניע קאן. ער קאן נישט הערן, אז מע רעדט אים שלעכט אויף אמעריקע. פארענטפערט זיך דער הייסינער שניידער. ער זאגט, אז ער רעדט נישט פון אמעריקע נישט גוט, נישט שלעכט.

ער זאגט דאס נאר אקעגן דעם, וואס ס'איז אלצדינג גוט, און שיין, און פיין, נאר נישט פאר אונדז געדאכט... אונדז וועט מען אזוי גיך נישט אראפלאזן... פיניע גייט ארויס פון די כלים. ער שרייט:

— וואס דען וועט מען מיט אונדז טאן? מע וועט אונ[illegible] איינזאלצן?

— מע וועט אונדז נישט איינזאלצן, — זאגט דער הייסינער שניידער מיט גאל און האט הנאה, — נאר מע וועט אונדז ברענגען אין אזא מין ארט, וואס מע רופט דאס „עלים איילאנד". דארט וועט מען אונדז פארשפארן ווי די קעלבלעך אין א שטאל, ביז אונדזערע פריינד און באקאנטע וועלן זיך אמאל דערמאנען קומען אונדז ארויסנעמען...

פיניע שפרינגט אזש אונטער: „עס איז דיר אן אנטיק מיט דעם יידן! בראש וויסט איך דער דאזיקער באיעט פון אלע שווערע הערצער: נישט אזוי אלט ווי גענייט! אט וויסן מיר איך, אז ס'איז דא א קעסל-גארדן, מיין איך א „עלים איילאנד", פונדעסטוועגן האב איך נישט געהערט פון קיינעם, אז „עלים איילאנד" איז געשטעלט געווארן דערויף, מע זאל האלטן מענטשן אזוי ווי קעלבלעך"... וואס ווייטער היצט זיך אונדזער פיניע אלץ מערער. ער טרעט ארויף אויף דעם הייסינער שניידער, גלייך ווי ער וואלט אים וועלן דורס זיין[2]. דער הייסינער שניידער שרעקט זיך איבער און רוקט זיך אפ. ער זאגט:

— שאט! זעט נאר! מע האט אים געקיילעט די קאפאטע! גערעדט אויף זיין אמעריקע! איז לא פדלתי![3] מירן עלטער ווערן מיט א פאר שעה, וועלן מיר קליגער ווערן...

---

1 דער משל איז נישט גלייך צום נמשל (ניִמשל) — געמיינט: דער פארגלייך איז גאר קיין פארגלייך נישט.

2 דורס (דוירעס) זיין — צעקלאפן, הרגענען.

3 לא פדלתי (לוי פידאלטי) — כלומרשטער העברעיזם, געמיינט דא: איז נישט, האב איך נישט געזאגט (שפאסיק).

